פראָלעטאריער פון אַלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראריש-קינסטלערישער און פאליטיש-וויסנשאפטלעכער זשורנאל.

מינסק, דעקאַבר 1926. ═══ צווייטער יאָרגאַנג. ═══ № 9-10 (12-13)



יודל יאפע.

## XVIII
## 6982 טעג אין ברען.

·I·

אַ וואַנט פון מענטשן האָט זיך קאפ אף קאפ געשפאַרט, געריסן זיך די העלדזער, מיט היט און נאָזטיכלעך אין דער לופט געפאָכעט און מיט בלומען באשאָטן די בראנזענע רייטער.

— הורראַאַאַ!

— זאל לעבן די פרייוויליקע ארמיי!

—זאל לעבן איר גרויסער פירער דעניקין!

צווישן דעם ביזן איינגעלאף האט זיך די כאַווערטע כאַנע, ווי אַ פאַריאגטע כאַיע, פאַרשלאגן אָט אין דעם גרויסן יאנטעוו. אַ פרעמדע, א וואָכעדיקע אין אָט דער גאַס, וואָס האט מיט נעקאמע געאָטעמט, האט זי א קליינינקן באגער געהאַט—פאָטער ווערן פון צווי פארטיי-בילעטן, וואָס ליגן דארטן נאָענט, ווו איר ווונד האָט זיך פון וויקל-בינט אפגעהוילט און שמערצט. אָט די צווי פארטיי-בילעטן וויל זי דא אין איינגעלאף אראָפלאזן.

האָט זיך עס איר ניט איינגעגעבן, ווייל א פאר אופגערעגטע בייזע אויגן האבן זיך אף איר אָנגעשטעלט, אן איבערגעקרימטער פאָנים, אַ בערדיקער האט ווערכער מיט ציין געביסן און איר צום אויער דערלאנגט:

— כאווערטע, איר וואָלט אין אזא הוילעך געמעגט היינט קרענקען ערגעץ אין אַ לאָך און ניט וואַרפן זיך אין די אויגן. אַ ליארע פריצטע קאן אייך אפן זאָטיקל נעמען און אָט דאָ אין גאַס ווי א ה׳רינג צערייסן—כאווערטע...

עפעס האָט זי א ריס געטאָן מיט עקל פון אָט דעם צעצויגענעם גרילך: כאַווערטע. אָבער געגעבן גערעכט האָט זי אָט דעם מענוויל,—טאקע, די גאַס האט מיט טויט-געפאר פארפאלגט. אבער ווער איז ער מיט זיינע אייצעס? און ווו זאל זי נעמען אַ ווינקל. א לאך. אז זי איז דא ווי א פאַריבענער הונט צווישן פויערשע פירן אף אַ יאריד.

שוואַרצער קרעפ אַף היט און אָרעמס האָט צו בלוטיקער נעקאָמע גערופן פאַר אומגעקומענע. אין טשע-קאַ; פרייד-געשריי און בלומען-קרענץ האָבן די „אויסלייזער" באַגלייט און מיטן גרויסן „הורראַ" איז די שטאָט געגאַנגען.

און אָט דער איבערגעקרימטער פאָנים האָט זי ניט אָפגעלאָזן, מיט בייזע אויגן געגאסן און ווערטער געביסן מיט ציין באַ איר אויער:

— כאַווערטע, גייט ערגעץ אין דר׳ערד אַוועק פון די אויגן! ווארום אַ יידן וועט ביטער זיין צו קוקן אַף אייער צופלאכטען מאַרך אַף די ברוקיר-שטיינער.

זי האָט אים באַווונדערט אָנגעקוקט—אָט דעם קלעפעדיקן יידן אין אויסגעפלעקטן רעקל מיט אַ צוגרינטן האַרטן קאַפעליוש. כאָטש יעדער הוראַ-געשריי האָט געצוקט זיין פאָנעם און שלייפן, האָט ער זיך געשטאַרקט און מיטגעשריען, געפאָכעט ווי אַ דולער מיטן הוט, און אַפילע אַ בינטל בלומען אַ וואָרף געטאָן: געצילט אין אַ פערדישן עק און געקוואָלן. און אַלץ איז אויסגערעכנט געווען, אַז זי, כאַנע, זאָל דאָס זען.

אָבער ווען דאָס פרייד-געשריי אף דער גאַס האָט זיך צעוואַקסן, אויסגעמישט זיך מיט אַ הוקען און פייפן, און עפעס האָט עס געדאַכט, אַז אָט, אָט וועלן יידישע פענצטער-שויבן מיט טויזנט-קלאַנג זיך צעשיטן, האט שוין אָט דער ייד אַזאַ פינצטער פאַרביטערטן פאָנים באַקומען. ער האָט איינמאָל נאָך אַ פאַראַכטן שפיי געטאָן אין כאַנעס זייט און מיט אַ פאַרדרייטן קאַפעליוש געלאָזן זיך אין דער לענג גאַס מיט אויסגעקערטע אויגן אַף צוריק.

ווער זשע איז ער? אַזוי טשיקאַווע האָט ער איר אויסגעזען מיט זיין פרייד און צאָרן, זי האָט פאַרגעסן יעדע געפאַר. איר איז גאָרניט אָנגעגאַנגען, צי דער, מיט די שווערע וואָנצעס און ווייסע אויגן, וואָס האָט זי אַ פרימאָרגן פאַרפאָלגט און מיט גוואַלדיקער אַיינגעשפאַרטקייט געזוכט זי צו אַ שטוב צופירן, צי גייט ער ניט נאָך איר פוסטראָט? זי איז געווען זיכער, אַז ערגעץ ווו האָט זי אים באַגעגנט נאָענט באגעגנט, אָבער איר קראַנק-היציקער קאָפּ האָט ניט געקאָנט איר זאָגן,—ווו און ווען.

און ראפטום איז איר מידער קאָפּ ווי דורך א בליק באשיינט געוואָרן און פון הארצן האָט א שפאר געטאָן מיט קאָמישער פרייד, און אזוי ווידערשפעניק קעגן אייגענעם ווילן, האָט זיך די פרייד מיט לאכן געמישט

— ניט שוין איז דאָס טאקע ארעלע לעדערמאן? דער דולער לעדערמאן?

פארגעסן אין אירע שוואכע קויכעס און געשניטן מיט איינגעשפארטקייט אין לענג פון גאס און געיאָגט אים ביזן יידישן ראָג, ווו הין דער ייד האָט געשפאנט.

באַ דער גרויסער גווירישער שול דרייען זיך ווייבער מיט קוישלען, יידן מיט פֿאַרשנדיקע צושראָקענע בליקן, מיט אַ פֿאַרהאַלטענעם טראָט, פֿאָרויס מיט נאָז און אויערן;

— וואָס? וואָס הערט זיך אין גאַס, אין מאַרק?

אין רעדל דרייט זיך דאָס יידל אַריין מיט אַן איבערגעקרימטן פּאָנים, מיטן קאַפּעליוש אַף דער פּאַטילניצע, און מיט אַ באַהאַרצטן קאָל, מיט אַ ניגן פֿון דער אַפּטוירע רעט ער, דער ייד: —וועגן אַ זון, וואָס גייט אויף פֿון גיוועץ, וועגן אַבאַלפֿור דעקלאַראַציע, וואָס רעגט אויף יעדער יידנס האַרץ, ווייל, ווייל גאָלעס איז טרייף! אָבער, אַז עס קומט אַ טאָג און מען מוז מיט גאָלעס שאָלעם מאַכן, מאַכט מען שאָלעם, וואָרום גאָלעס איז לעסאַטע אַהיים, אַהיים מיט פּאַרנאָסע—קלאָגט דער ייד—„היינט איז אַזאַ טאָג—שרייט ער מיט גרימצאָרן;—שראַצים, ווערים צוטראָטענע, קריכט אַרויס פֿון די לעכער, עפֿנט אויף טיר און טויערן, ברייט און פֿריי צועפֿנט, פּאָטער געוואָרן פֿון דער רויטער מאַגייפֿע, מיטן קאָפּ אין דר'ערד, פּאָטער געוואָרן...”

טיר און טויערן האָבן זיך צורוקט פֿון יידנס טומל, קעפּ, פּעניִמער געגאָלטע און געבערדיקטע האָבן זיך קעגן אים אויסגעשפּאַרט און צושראָקן געפֿרעגט:—וואָס טומלט ער אַזוי? און וווהין כויג ערשט די דראָשעס? זאָל ער בעסער זאָגן צו שמעקט ניט דער טומל מיט אַ פּאָגראָם? אין צו וועט מען שוין אַמאָל דערלעבן אַרויסגיין אין מאַרק פֿאַרדינען אַ פּירער?

די גאַנצע גאַל איז באַ דעם יידן אַפֿן פּאָנים אַרויס.

— טיפּשים,—האָט ער געשריִען—אָט, זאָג איך אייך אָן אַ בסורע: איר וועט גאַפֿן קוקנדיק, ווי ווייסע כאַלע וועט שפּאַרן פֿון אַלע ווינקעלעך און כאַנפֿענען וועט זיך עס צו אַ פּראָסטער רוסישער קאָפּיקע...

כאַ, כאַ, כאַ, האָט ער לעהאַכעסדיק געקייכט און אַ גרויסן שפּיי געטאָן, און נידעריקער מיט דריי טרעפּלעך אַראָפּ, און אין טיר געזעצט:

— ברײנע, עפֿן אויף! יידענע, ברייט און פֿריי עפֿן די טיר לעדערמאַנס טיר, ווי אַ מאָל. פּאָטער געוואָרן פֿון דער רויטער מאַגייפֿע, מיטן קאָפּ אין דר'ערד, פּאָטער געוואָרן.

## .II

אַ שילד, אַ שוסטערשע שילד, שוין אַ דריט מאָל אין כאַנעס לעבן. אין פֿאַרשיידענע צייטן און אומשטענדן און אין פֿאַרשיידענע שטעט, שטייט זי, כאַנע, פֿאַר אָט דער שילד, וואָס הענגט אַלעמאָל איבער אַ טיר פֿון אַ האַלבן קעלער צום גאַס.

געענדערט האָט זיך נאָר דער פּאָן פֿון שילד.

אַן אוקראַינישער פּאָן—געל-בלאָ, אָבער געבליבן דיזעלבע גוילעמדיקע פיגור, וואָס פֿלעקלט אַ פּאָדעשווע און אונטן איז אַ פּולער נאָמען—אַראָן לעדערמאַן.

לאַנג שוין זייער לאַנג איז דאָס געווען. באַ דער דעסנעשטאָט, וווהין די שיף האָט זי אַ יונגע איסקראָווקע פֿאַרפֿירט, אַ גערוידעפּטע, פֿון איר שטעטל. אַ זומער-טאָג האָט די שטאָט געבריט, און זי אַ געוויקסיק גרויס קינד בלאַנקעט אום איבער דער פֿרעמדער שטאָט, ניט באַ קיינעם פֿרעגן, ניט צו קיינעם זיך ווענדן—קאָנספּיראַציע. אין נאָמען פֿון קאָנספּיראַציע האָט זי אַן אַדרעס צו ניִשט געמאַכט, און עס באָמבלט זיך נאָר עפּעס אין קאָפּ אַזוינס, וואָס הויבט זיך אָן מיט שוסטער און דאָך איז שווער זיך צו דערמאָנען.

און ראַפּטום גיט אַ בריִ אין די אויגן—לעדערמאַן. אַזאַ מאָדנע שילד איבער אַ קעלער-טיר, אַ ווילדע אָנגעמאָלטע ברייע פֿלעקלט אַ פּאַדראַשווע און אונטן לייענט זיך—אַראָן לעדערמאַן.

אַ טשיקאַווער באַלאַבעסל מיט אַ רונדן ווייכן בערדל, וואָס זיצט צוזאַמען מיט די פּויאַלים באַם שוסטערשן וואַרשטאַט, הויבט זיך אויף קעגן איר, מעסט זי אָפּ מיט געניטע אויגן, שמייכלט פֿיל באַדייטנד:

— איר זוכט אַ לעדערמאַן?.. הייס איך טאַקע אַראָן לעדערמאַן, אָבער מיין ברודער הויבט זיך אָן מיט איין „אַ” און הייסט אַווראָם לעדערמאַן. און באַוואַקסן איז ער נאָך עטוואָס מערער פֿאַר זיין רעבן—קאַרל מאַרקס, איז אָט. אים קאָנט איר אַוואַדע דאַרפֿן, אַיאָ געטראָפֿן?...

יאָ, יענעם האָט זי טאַקע באַדאַרפֿט, יענעם דעם פּראָפֿעסיאָנאַל פֿון דער איסקרע-אָרגאַניזאַציע. געפֿונען האָט זי אים אַף אַ בוידים-שטיבל. ער איז איבער גראָבע ביכער געלעגן. כאַנען גלייך מיט ווערטער באַשאָטן—אין אויסלאַנד איז ער געווען, בעבעלן געזען, פּלעכאַנאָוון געהערט.

האָט זי אים דעם באַוואַקסענעם אַראָפּגעשלעפּט פֿון בוידים, אַביסל צוטרייסלט מיט יונגער ענערגיע און עס איז אַוועק וואַרעמער די אַרבעט.

און איינמאָל אין אַ נאַכט צווישן געצייטיקטע גערטנער פֿון אַ געהיימער פֿאַרזאַמלונג געגליטשט זיך. האָט זיך שוין געפֿילט, ווי באַם פֿאַרהאַריקטן לעדערמאַן פֿאַרכאַפּט דער אָטעם, ווייל צו דעם וואָרט אויסלאַנד בעבעל, פּלעכאַנאָוו איז נאָך צוגעקומען אַ וואָרט „כאַנע”.

און זי—יונג, געוויקסיק און שיין, מיט צוויי קעסטן צעפּ, וואָס שמייסן איבער די רונדע אַקסל, מיט דינינקע בויגעלעך „איסקרע” אין בוזים, טראָגט זי זיך צווישן וואַ־שטאַטן—אַרבעטער און אַ מאָל כאַפּט זי זיך אַריין צו די ציוויניִם אַ רייכטאָן דעם שטענדיקן פֿאָרזיצער, וואָס באַ יעדער שאָרך קלינגט ער מיטן גלעקל און זי רעגט אים און שטעלט אים פֿראַגן, אַ שטייגער—ווען וועט ער, אַרעלע לעדערמאַן, אין הייליקן לאַנד פּוצן די שטיוול?

האָט איינמאָל דער פֿאָרזיצער פֿון די ציוניִם, אַרעלע לעדערמאַן, געהייסן די מיידל מיט אויגלעך פֿון אַ פּיקסל אַרויספֿירן. אַ צווייטן מאָל האָט ער מיט אַ שווער האַרץ איר דערוויזן, אַז נאָך עסטער די מאַלקע האָט געלייקנט איר פֿאָלק פֿאַר אַ נאַכט מיט אַ קייסער, אָבער אַ דריטן מאָל האָט אַרעלע לאַנג אין גאַס געדרייט זיך, ביז דאָס מיידל מיט אויגלעך פֿון אַ פּיקסל האָט זיך פֿון בירזשע געקערט, איז ער געלאָפֿן, ווי אַ ייִנגל צום טייך, געשיפּט זיך ביז האַלבער נאַכט, געלאַכט איר געלעכטער, געזונגען אירע לידער, געווען גרייט טאָן אַלץ, וואָס דאָס קליין מיידל וועט זאָגן, וווהין דאָס קליין מיידל מיט איר יונגן כיין וועט פֿירן. אָבער פֿאַרענדיקט האָט ער מיט אַן אומעט, מיט אַ געבעט.

— וואָס ווייסט איר, יונגע איסקראָווקע, וואָס הייסט פּיינט האָבן גאָלעס. און אז מיין ברודער אווראָם לעדערמאַן, וואָס האָט סמיכעס אף ראבאָנעס, כוויזיקט פֿון זיין אייגענער ייִדישער טנוע, פראַווועט ער ניט קיין גאָלעס אפֿן בוידים-שטיבל?

זי האָט געקוואָלן פֿון אָט דעם דולן, אָבער זייער טשיקאַוון ארעלע לעדערמאַן, ווייל איר איז גוט און פֿריילעך געווען.

אָבער אין איין פֿרימאָרגן איז דאָס איר לאנגווייליק געוואָרן, האָט זי די שטאָט פֿאַרלאָזן, און איז אוועק אפֿן דאָרעם.

זי האָט געהאט איר באַשיידענעם נאָמען,—כאַנע די פּאַפּיראָסן-מאכערן, די איסקראָווקע. און אין אָכראַנקע, אין פּאָליציי האָט מען זי פֿארצייכנט מיט אזעלכע סימאָנים, — הויכוווקסיק טונקל-ברוינע האָר, געשאָרן און געקרייזט.

אָט אזא, האָט זי כאַנע געקעמפּט און געוואָקסן און געלאָזן אף הינטן יאָרן מיט דאַטן און פֿאַרבן.

אין אַ האלבן קעלער פֿון אַן אָקאָרשט געעפֿנטן געזעלשאַפֿטלעכן טיי-הויז האָבן זיך ארבעטער געשפּאַרט מיט אומזיסט באַקומענע טאַלאָנען, האָט זי, כאַנע, זיך דאָרט אויך געשפּאַרט. אויך געזופּט טיי, געשטאָפּט אין זיך ברויט וויפֿל ס'איז ארײַן, ווייל שוין אָט אַ וואָך, אַז זי האָט די טפּיסע-ווענט פֿאַרלאָזן, און ווען ארבעט האָט מען אפֿילע כאָלעמען ניט געקאָנט.

און אַז אַ כאַווער מענדל בערשטער, אַ שטארק פֿאַראָטעמטער, האָט זי דאָ קוים אָפּגעזוכט — כאַנע, האָט ער געזאָגט, דו ווייסט דאָך, אַז דער גאַנצער קאָמיטעט זיצט אין טפּיסע, און דאָ טרעטן ארויס די אַנאַרכיסטן און סינדיקאַליסטן און ווילן אונטערייסן די פּראָפֿאַרבעט און מאָנען אַ דיסקוסיע, מוזטו גיין אין נאָמען פֿון דער אָרגאַניזאַציע,—האָבן זיך אירע אויגן אזוי גרויס צוצויגן און איר קאָפּ האָט געגרוילט.

— איך זאָל גיין? איך האָב דאָך אַ ליידיקן קאָפּ, ווו עס בלאָנדזשען ארום בלויז געהערטע ווערטער, איך האָב דאָך נאָך גאָרניט געלערנט אויסער שטרייקן...

אף דער דיסקוסיע איז זי אָבער דאָך געגאנגען. עס איז געווען פֿארנאכט. אַלץ איז פֿאַרהאַקט, פֿארהאמערט געווען, ייִדן זיינען געגאנגען צו קאָלנידרע. און אין אַ גרויסן הויף פֿון געדונגענע שולן, מיניאָנים—אין אַ הינטערשטן קלער-שטוב, האָט זיך דער גרויסער דיספּוט געפֿירט, און אזוי אומגעריכט האָט זי דאָרטן בעטראָפֿן דעם האָריקן לעדערמאַן, נאָך מערער פֿאַרוואָקסן, נאָר שאַרפֿער דער פּאָנים, נאָך פֿארכאָלעמטער די אויגן און גאָר גאָר אנדערע ווערטער, אנדערע נעמען קייטלען זיך אין זיין מויל— קראָפּאָטקין, באַקונין, שטירנער, פֿרייע אנארכישע געזעלשאַפֿט.

פֿונוואַנען קומט דאָס לעדערמאַן? ווייטער פֿון אויסלאַנד, צי פֿון היימישן ביאלעסטאָק? פֿונוואַנען קומט ער?

אָבער ער ענפֿערט ניט. לעדערמאַן, ער דיסקוסירט ניט, ער האַלט ניט קיין פֿאָרטראַגן, ער לייענט ניט קיין רעפֿעראַטן, ער באַנוצט ניט קיין טריבונעס, נאָר ער דערציילט. מיט פֿלאַם דערציילט ער פֿאַר פֿארשיידענע צוהערער, וואָס זוכן אים, וואָס גייען אים נאָך פֿוסטראָט.

אַ מעסלעס האט זיך די דיסקוסיע געצויגן, און אז כאַנע האָט שוין אַלע אירע באווייזן אויסגעשעפּט און עס איז נאָך אַלץ קנאַפּ געווען, האָט זי זיך אַ מידע אין ראָד ארייַנגעוואָרפֿן, ווו אין מיטן אף דער ערד איז דער „פּעטער" געזעסן, אָט אזוי האָט ער לעדערמאַן שוין דאמאָלסט געהייסן. נעבן אים איז זיין שטעקן געלעגן, מיט וועלכן ער האָט רוסלאנד אויסגעטראָטן פֿון צאָפֿן ביז דאָרעם.

— קום כאַנע,—האָט זי מענדל בערשטער גערופֿן, -- קום פֿונדאַנען, פֿילכט דען ניט, אז דאָ איפּעשט מיט פֿוילן פֿון צולייגטן לומפּן פּראָלעטאריער.

און געווען איז אַ טאָג, ווען העפֿקערדיק איז געווען דאָס לעבן און זוניק און לוסטיק דער דרויסן אונטן האָט אַ בלאָער יאַם געשפּרייט זיך. און זאַטע זיינען געווען די מענטשן, וואָס האָבן דאָ באַם יאַם זיך געזעטיקט מיט גוטס און פֿרייד, און אַף איר, דעם פֿרייען מיטגליד פֿון דער פֿרייער אנארכיסטישער אסאָציאַציע, האָט דער טויט געלויערט. דאַכלאָז, מיט אַ בוזים בלאַנקען און שטעמפּלען, האָט זי איבער גאַסן געשווענט. האָט זי געהערט אַ יידן זינגען מיט אַ קאָל פֿון אַן אַלטן באַלטפֿילע, אַזוי פֿרום, און אַזוי האַרציק האָט ער געזונגען: „קאַוואָנעס, ווייבערלעך, אי אָנעסן זיך, אי אָנטרינקען זיך, קאַוואָנעס".

אַ רויטע באָרד האָט ער געהאַט דער ייד, מיט אַ טאַלעסקאָטן אפֿן הוילן לייב, באָרוועס, אָבער צופֿרידן.

האָט זי אַ קאָוון געקויפֿט און אַ פּעטער דערקאָנט. דער ייד האָט געפֿרייט זיך מיט דער לאַנג פֿאַרלאָרענער פּלימעניצע, און ניט כוישעד געווען, אַז איר לעבן איז הפֿקער, אַז היינט מאָרגן, שפּעטער קאָן זי צעשאָסן ווערן אָן דין און מישפּעט, ווייל זי האָט אויך אַ בראַונינג, ווייל זי וועט זיך ניט אָפּגעבן לעבעדיקערהייט.

פֿאַרנאַכט האָט דער ייד מיטן רויטן באָרד אָנגעטאָן זיין קאַפּאָטע און געפֿירט זי צו אַ שוועסטער-קינד, דעם פּעטער לייבעס אַ זון. טאַקע אָט אין דער גרויסער שטאָט האָט דער פּעטער אים באַגעגנט אין דער יאַוונע-שול. זי איז געגאַנגען מיטן פּעטער באַקאָנען זיך מיט א שוועסטער-קינד. טאַקע פֿאַרוואָס ניט אַ רויקן נאַכט-לעגער געפֿינען בײַ אַ שוועסטער-קינד אין שטוב?

באַם גרויסן הויז, וואָס האָט מיט קראָמען און שילדן, מיט פֿענצטער און באַלקאָנען צום יאַם געקוקט, איז איבער א קעלער-טיר געהאַנגען אַ שילד, אַן אָנגעמאָלטער גוילעם, וואָס פֿלעקלט אַ פּאדעשווע, און וואָס אונטן לייענט זיך—אַראָן לעדערמאַן.

זי האָט זיך פֿאַרקייכט, צי פֿון דעם גרויסן כייזעק, וואָס האָט פֿון דעם געשפּאַרט, צי פֿון דעם, וואָס איר האָט עס דערמאָנט ארעלען אַליין מיט זיין זיידענעם טאַלעסל אַפֿן האַלדז אין דער יאַוונט-שול. — אַרעלע! האָט זי אים אַ געשריי געטאָן, דולער לעדערמאַן! אָט דאָס איז דער שוועסטער-קינד?

.III

די טיר, וואָס האָט זיך ברייט צעעפֿנט פֿאַר אַרעלע לעדערמאַן, האָט זיך נאָך הינטער אים ניט פֿאַרמאַכט, אַ פֿרוי מיט ווייכע מאַמעשע אויגן האָט אין גאַס אַרײַנגעקוקט און געוווּנקען צו דער פֿרעמדער:

— כאַווערטע, קומט אַריין, מאָשיעך איז נאָך ניט געקומען, מען דאַרף די טיר פֿאַרמאַכן.

כאַנע איז אַ צוטומלטע איבערן שוועל אַריבער.

אין קעלער-שטוב זיינען קאנאפעס געשטאַנען, בענקלעך אויסגעבעטע, אַלט, אָפּגעריסן, אָבער באַקוועם, גאַסטפֿריינדלעך, ווינקען זיי—אָט דאָ קאָן מען זיך זעצן. נישקאָשע, פֿרעגן דאַרף מען קיינעם ניט, באַ לעדערמאַנען אין שטוב פֿרעגט מען קיינעם ניט...

איז זי געזעסן, געפֿילט, ווי עס גייען אָפּ די מידע גלידער, אָבער דער קאָפּ אירער צעשפּרייט זיך, צעוואַקסט זיך, אָט אָט וועט עס פּלאַצן און מיט ליאַרעם צעשאָטן ווערן.

ווי איז דאָס געשען? ערשט נעכטן איז זי אַ רויטע שוועסטער געווען — די כאַווערטע כאַנע, אַפֿן לינקן זייט, איבערן לעדערנעם רעקל, געטראָגן אַ רענצעלע מיט וואַטע און בינטן, אַ פּוכירל יאָד, און אַזוי מיט דעם זיך איבערגעוואָרפֿן פֿון פֿראָנט אַף פֿראָנט, אַהער צו דער בערגיקער שטאָט האָט זי זיך מיט אַ באַזונדער קאַוואָנע געטראָגן: אין אַ נויט וועט זי אויסנוצן די אומבאַקאַנטקייט און פֿאַרבלייבן אַף אונטערערדישער אַרבעט.

אָבער אַ לעצטער באַגייען, אַן אַנטשיידענער האָט זי אַפֿן פֿראָנט פֿאַרכאַפּט. זי איז מיט אַ באַזונדער אַקשאָנעס אונטערן פֿייער געקראָכן און אַן ערשטע הילף אַ כאַווער געגעבן. ער איז געווען, אָט דער יונגער כאַווער, מיט פֿיס פֿון אַ פֿוטבאָלער, מיט הענט צו באָקסן און אַ פּאָנים האָט ער געהאַט אַ קינדערשן.

זי האָט אים אַ שטיק וועג האַלבוויז אַף זיך געטראָגן און ביז קני אין זאַמד געזונקען און אַף מיט זון געגלייזטן זאַמד רויטע טראָפּנס געצויגן פֿון פֿאַרונענעם בלוט, העכער פֿון איר אייגענער ברוסט האָט זיך אויך געגלייזלט בלוט: אַ ווונד האָט געברענט. נאָר זי האָט זיך ניט ווינסנדיק געמאַכט און געמונטערט:

— כאַווער, שטאַרק זיך, אָט אונטן זע איך ליגט צעוואָרפֿן אַ קאַפּל-זאַוואָד, אָט דאָרטן זיינען געוויס אונדזערע דאָ. אָבער עס איז דאָך כייזעק געווען איר ערשטע הילף פֿאַר אַ צעריסענעם בויך, וואָס די גדערים קריכן אַף אַרויס. האָט ער זיך, ווי אַ שווערע מאַסע אַראָפּגעלאָזן און מיט פֿיס און הענט געגראָבן זיך אין זאַמד. און אין לעצטער גסיסע-מינוט, דורך שווערן טויט-קרעכץ געקוקט אַף איר, דער לעבעדיקער, וואָס באַמיט זיך נאָך מיט עפּעס אים צו העלפֿן. אַ לעצטער באַגער האָט זיך דורך די פֿאַרהאַקטע ציין דורגעזייט.

— כאַווערטע, נעם אַלס געשאַנק מיין פּאַרטיי-בילעט... נעם עס, כאַווערטע, באַ מיר אַלס געשאַנק.

און דער פֿרימאָרגן האָט מיט טונען גאָלד געגאָסן און נאָר ווי זאַלץ אַף ווונדן געשאָטן, האָט זי די טאָוועלעך צוזאַמען מיט איר בילעט אין בייטעלע אַריינגעלייגט נאָענט באַ איר פֿאַרווונדעטן האַרצן.

אָבער וווהין לאָזט מען זיך לויפֿן? זי איז פֿון איר טייל אינגאַנצן אָפּגעריסן.

איז זי געלאָפֿן צווישן כורוועס, צווישן אַ גרויס פֿאַרלאָזטן העפֿקער, וואָס האָט מיט גרויסע בעלמע-אויגן געקוקט אין ליכטיקן מאָרגן. זי האָט אָנגעטראָפֿן אַף אַ פּויערש הייזל מיט אַ ווייסן ברודיק-צעריסענעם פֿענדל אַף דער סטריכע פֿאַרשטעקט.

אין הייזעלע האָט זי אַ דאָקטער געפֿונען, וואָס האָט זיך צו עפּעס מייכן געווען, און אַ געהילף, וואָס האָט דאָס לעצטע פֿון אַ פֿלאַש דערזופּט. קאָלעגע — האָט ער זי גערופֿן, דער דאָקטער, — אַייער ווונד איז ערנסט... קאָלעגע, אירט מוזן בלייבן דאָ ביז ווער עס וועט זיך ווייזן, סאַי די, סאַי יענע, מיר זיינען ערשט, ווי אַף אַן אינדזל און ווייסן גאָרנישט, וואָס אַרום טוט זיך.

ער האָט איבערגעבונדן די ווונד און געשאָטן מיט טאַינעס:

„אַז אייגנטלעך איז ער מער גינעקאָלאָג, ווי כירורג, אָבער אַוואַדע מער כירורג איידער פֿעלדשער, אבער זיין געהילף, וואָס מע האָט אים געלאָזן דאָ, האָט אוקראַאינישע וואָנצעס מיט אַ טעמפּן קאָפּ, א כאַלאַס צו זויפֿן, און ניטאָ, ווער עס זאָל אים אביסל וואַסער אָנוואַרעמען.

דער דאָקטער האָט ניט דערשאַצט אָט די איינגעשפּאַרטע קראַפֿט, וואָס קיין שוואַכקייט און מידקייט ברעכט עס ניט. די כאַווערטע כאַנע האָט פֿריער פֿאַרן דאָקטער דאָס הייזל פֿאַרלאָזן. געלאָפֿן מיטן באַוווּסטזיין, אז זי מוז איריקע נאָך טרעפֿן דאָ ערגעץ אַף שליאַכן, אָדער אין שטאָט, ביז די ווייסע וועלן קומען.

האָבן ערגעץ אין רוים גראַנאַטן דעם וואַלד געוויגט און אַלץ ווייטער זיך דערווייטערט, און טויבע קלאַנגען זיינען צערונען.

.IV

אַרעלע האט צוטראָגן איבערן שטוב אומגעשפּרייזט מיט אן ערדענעם פּאָנים. ער האָט דעם האַרטן קאפעליוש פֿון קאָפּ גענומען און מיט רעציכע אים אַ זעץ דערלאַנגט אין דיל אַריין, אופֿגעהויבן און ווידער אומגעשפּרייזט ביז די יידענע האָט זיך באַוויזן, די יידענע מיט גרויסע, ווייכע מאמע-אויגן.

— ניטאָ אים דעם מום דיינעם, האַ?! איז ער אויך אַוועק מיט די רויטע? קריע רייסן, וועל איך נאָך זיי—האָט ער געשריען, אַ שאָ שיווע זיצן וועל איך!

ער האט לאַנג ניט געטראַכט און דאָרטן אַפֿן דיל לעבן וואַרשטאַטל אַוועקגעזעצט זיך, דעם גראָען קאָפּ אַף די קני איינגעלייגט און די הענט אַרום האלדז אַרומגעשלייפֿט, און אזוי פֿאַרגליווערט געבליבן זיצן.

אַ יונגערמאַן האט זיך, ווי א ווינט, אין שטוב אַריינגעריסן, מיט קיינעם ניט באַגריסט, איז ער צו זיך אַריין אין צימער.

— מאַמע, מאמע, האט דער אַריינגעקומענער גערופֿן, וועסט געבן וואַסער? וועסט געבן גרעט? אז ניט, לויף איך, הערסט, מאַמע!

אַ מאמע האָט געהערט, אַ מאַמע האָט וואַסער דערלאַנגט, גרעט געגעבן און דערנאָך מיטאָג דערלאַנגט און אַלץ מיט אזעלכע גרויסע אויגן און סאמעטענע טריט.

האָט זי אויך פֿאַר כאַנען אוועקגעשטעלט א טעלער זופּ, מיט האַלב-געבאַקענעם ברויט און אזוי ווייטיקדיק געשמייכלט, און ווי די ווענט זאָלן ניט הערן, האָט זי געשעפּטשעט—עסט, כאַווערטע, מאָרגן פֿרייט זיך די שטאָט, וועט שוין זיין פֿרישע דעניקינישע כאַלע, א קלאָג צו א מאמעס יאָרן...

האָט דער יונגער לעדערמאַן פֿלינק געוואַשן זיך, פֿלינק געגעסן און אַלץ אזוי קורץ און שאַרף—מאַמע, גיסט וואַסער? גיסט גרעט? אז ניט לויף איך! איז ער געלאָפֿן.

אָבער א טאטע האָט אים דעם וועג פֿאַרשטעלט, א טאטע, וואָס האָט אויסגעזעען, ווי אַ האָן נאָכן געשלעג, אזוי צושוי-

בערט און אופגערעגט, עפּעס פּיבערט זיין פּאָנים און די ליפּן שעפּטשען מיט דערשטיקטע ווערטער, וואָס ווילן ניט אַרויסגיין פון אינעווייניק. אָט וועגן די דרייסיק יונגע-לייט, וואָס די היידעמאַקעס האבן צו דער שכיטע געפירט;

— ציִ ווייסט ניט דער זון, וואָס איז דאָרטן אין די ספערן, האַ? אָט וועגן דער צו גרויסער פרייליעכקייט אין גאַס און וועגן דאָס בייזע שיפּען אַף יידן, וויל וויסן אַרעלע לעדערמאַן. וואָס האָט פיינט גאָלעס, אבער, וואָס האָט היינט שאָלעם געמאכט מיטן זון, וואָס טשעפּעט זיך אן גאָלעס, און געזאָגט האָט ער טאַקע אַזוי מיט אַ נעוויאַישן לאָשן.

— בניִ מיין זון, אני האַיוים יילידטיכא, היינט האב איך דיר דערקאָנט, היינט האב איך דיך ליב באקומען צוזאמען מיטן גאָלעס, וואָס איז לעסאַטע אהיים און אז אכזאָרים פליקן עס, טוט מיר, דעם ציאָניסט, אויך וויי, גלייך ווי דיר מיין זון, דעם מענשעוויק.

— טאַטע, לאז געמאך,—האט ער געשריען, דער זון, לאָז געמאך, דיין ציאָניזם פאַסט היינט. וויִ צו א יאָסעם א יאַרמעלקע, הערסט טאַטע.

אָבער האלטנדיק די קליאמקע אין האנט האָט דער זון זיך געכאַפּט אַף דער פּאָליטישער אולע, וואָס ער טוט. און טאַקע, מיט וועמען בלאָקירט ער היינט ניט קעגן די קאָמוניסטן, איז מיט וואָס איז דער טאטע ערגער? האָט ער זיך אומגעקערט, אַ קוק געטאָן אף א טאטן, וואָס האט מיט אים אזויפיל יאָרן קיין וואָרט ניט דורכגעוואָרפן, און געפירט מיט אים אַ שטומען פאַרביטערטן קאמף.

— טאַטע,—האָט ער אים געזאָגט, זע, לאז ניט דורך היינט דעם ערשטן נומער „קיִעווליאַנין”, וואָרום עס שטייען שוין גאַנצע קוואַרטאלן אין דער ריי, ווייל אף דעם נומער וואַרט מען מיט האַרץ-קלאַפּעניש, ס׳איז אן עקיאמען. וואָס האט די דעמאָקראַטיע געלערנט? און צו פאַרשטייט זי אירע אופגאַבן? הערסט, טאַטע, לאז ניט דורך דעם נומער.

אַזוינע לופטיקע זיינען זיי געבליבן הענגען די אויגן אַפן שוועל פון זונס אַוועקגיין, וויִ אָפּגעריסן זיך פון יידנס שטערן אַרויס און ניט אַיינגעזאַפּט אין זיך יענעם קלאָרן אינהאַלט, מיט וואָס דער זון איז היינט פול געווען. אויסגעשפּיצטע אויערן האָבן נאָך אַף עפּעס געוואַרט, עפּעס הערן באַגערט, אַז אין קאָפּ זאָל קלאָר ווערן... און ראַפּטום-צוויי אָפּיצערן. אַפן יידנס אויגן לאָזן זיי זיך אַראָפּ צו אים אין שטוב, פאַרפולן מיט שפּאָרן-קלאנג אָט די דומפּע שטילקייט.

אַזוי נידעריק דעם קאָפּ פאַרבויגן—דאָס בין איך טאַקע אַראָן לעדערמאַן, מיט וואָס זאָל איך די פּריצים דינען?

— אַ שוסטער?

— אַ שוסטער, אַהאַ, נאָך אַייערע טאַטעס, די גרויסע וועלמאָזשעס, האָב איך, אַוואַדע, די בעסטע באָטפאָרטן געמאַכט, אַזויפיל יאָר, אַז איך בין אַ שוסטער.

אַזוינע שטאָלצע, שמעקעדיקע און העפלעכע, האָבן זיי זיך ניט געדונגען. ניט געקאכט דאָס וואַסער, אַפילע אַן אַדערוף אָנגעבאָטן, נאָר שנעל פאַרטיק זאָל עס זיין, וויִ מעגלעך שנעל.

— צו וואָס אַן אַדערוף? דאָס באַליידיקט מיך. אין פיר און צוואַנציק שאָ פּינקטלעך וועט עס פאַרטיק ווערן און גרינג וועלן זיי זיין, אָן אַ וואָג, און אַפן פוס וועט עס זינגען, און לעדער, וויִ וואַקס אונטער די פינגער, אַזוי ווייך, כאָטש אין אויער לייג, נאָך פון אַלטן רעזשים, דערהאַלטן פון אַלטן רעזשים.

זיינען די פּריצים באַפרידיקט אַוועק און ארעלע לעדערמאַן איז פול געווען, וויִ אַ יוירנדיק פעסל ווייַן און עס האָט פון אים אַף אַרויס געשפּאַרט. איז ער איבערן שטוב אומגעשפּרונגען און אין אַ זייטיקן טירל געזעצט:

— קינדערלעך, שפּאַצירן! טוט אָן די בעסטע קליידער, די זאַמשענע שיכלעך טוט אָן און גייט. קיינער וועט אייך ניט זאָגן בורזשויקעס, כאַ, כאַ, כאַ, אַזאַ אַיינפאַל, איך, אַרעלע לעדערמאַן, האָב ניט רעכט האָבן מיין וואַרשטאַט, מיין בענקל, מיין קאנאַפּע. איך, ארעלע לעדערמאן, האָב ניט רעכט עקספּלואַטירן סטעפּאַנען, וואָס פוילט ערגעץ אַ שיקערער באַ מיר אונטערן איוון.

צוויי קינדער זיינען אַרויס, צוויי מיידעלעך, יונגינקע פוכקע, מיט אויגעלעך אויסגעוואַשענע, מיט ליפּעלעך ניט געדורשטע, זיינען זיי אומגעשפּרונגען פאַרן שפּיגל קוועלנדיקע און פלאַפּלענדיקע און ארעלע האט געשלונגען זייער הייליקן לאָשן, ווייל נאָר לאָשן-קוידעש האָבן זיי גערעט.

האָט ער זינגענדיק זיינע שיך באוואַקסט, אָנגעטאָן זיין שוואַרצן ראָק מיט אַ ווייכן הוט, און איז נאָך די קינדער אַוועק זינגענדיק, וויִ אמאָל באַנאַכט אַפן דעסנע-טייך מיט דער יונגער כאַנען אין שיפל.

.V

אין גרויסער שטוב איז גערוים געווען, די זון איז פון פענצטער געקראָכן, שאָטנס געגליטשט איבערן דיל, אַפן וואַנט אַרוף.

אין גרויסער קעלער-שטוב זיינען קאַנאַפּקעס און שטולן געשטאַנען ווייך געבעטע, צעריסן, אַלטע, אָבער באַקוועמע, גאַסטפריינדלעכע און דאָרטן האָבן טירלעך אין כאַדאָרים געפירט און פאַרהאַנגען האָבן ווינקלען אָפּגעצוימט, און אלץ האָט דערציילט פון אַ פרידלעכער אַכסאַניע פאַר היימלאָזע און וואָגלער...

אַ מאַמע מיט גרויסע אויגן האָט סאַמעטענע טריט געטראָטן, וויִ אין אַ לייען-זאַל געטראָטן, און שטילער אומרו האָט איר טראָט באַגלייט. ווייל דער בירגער-קריג האָט זיך אין קעלער-שטוב אַריינגעריסן. ווייל ארעלעס זון, דער עלטערער און סאַמע געראָטענער, איז פאַרבליבן אַ מענשעוויק, און אַ דריטער, אַ פוטבאָליסט, איז אַפן רויטן פראָנט אַוועק, און געלאָזן האָט ער אַ בריוועלע צום מיטלסטן:

„ליבער בוזיע! דער קריג האָט דיך פאַר אַ מום געמאַכט און דו ביזט ניט אימשטאַנד אַפילע אַ שווערד אופהויבן קעגן דער בלוטיקער וועלט. אָבער איך וועל גיין דיין נעקאָמע נעמען. און טאָמער וועט זיך מיין ברודער קעגן מיר שטעלן, וועט אים מיין קויל באַגעגענען, און טאָמער מיין טאַטע, וועט אים אויך מיין קויל ניט שוינען, ווייל איך האָב מיך איבערצייגט, אַז זיי זיינען ביידע סאָנים פון פראָלעטאַרישן קלאַס”.

בוזיע האָט אַ צייט געוואַקלט אַף וועלכער וואָגשאָל זאָל ער זיין איינציקע גאַנצע האַנט לייגן?

אָבער אין לעצטע און שווערע טעג האָט בוזיע שטייף באַשלאָסן, געבראַכט פון שניידעריי אַ לעצטן פּאַיאָק, דער מאַמען אין די גרויסע אויגן געקוקט און געזאָגט:

— מער קען איך ניט, מאַמע, ווייל אויב די ווייסע וועלן צוריק נעמען געוועלטיקן, וועל איך פּלאַצן. ווייל די בורזשואַזיע, וואָס האָט מיך פאַר אַ מום געמאַכט, וועט נאָך פון מיר כייזעקן אויך...

אַ מאָדנע מאַמע, זי האָט ניט דערווידערט, ווייל ער איז אינגאַנצן גערעכט געווען און טאַקע, ווי זאָל ער, איר געליבטער זון, וואָס מען האָט אים צו אַכצן יאָר אַכזאָריעסדיק אַ האַנט אָפּגעריסן, ווי זאָל ער נאָך לאָזן כייזעקן פון זיך.

האָבן זיך נאָר די ווייסלען פון אירע אויגן פאַרגרעסערט און מיט גרעסערן אומרו האָט זי אין גאַס אַריינגעקוקט נאָך אַ צווייטן גרוס פון איר צווייטן זון אַף באָלשעוויסטישע פראָנטן.

* * *

אַ נאַכט. אין איר זילבער-מאַטאָוון שויס האָבן זיך שלאַנגען געגנעסטיקט. אַ שטיקנדיקער סאַמאַמאָוועס האָט זיך אין לופט געשפּרייט, איימע און שרעק געזייט.

די גרויסע קעלער-שטוב בא אַרעלע לעדערמאַן איז אויך געווען אָנגעזאַפּט מיטן זעלבן סאַמאַמאָוועס. שטיל, אויסערגעוויינטלעך שטיל, עפּעס ווי אויסגעטריקנט, זיינען פונדאַנען דער יאַם מענטשן.

געשלאָפן זיינען די צוויי קינדער מיט דער היילִיקער שפּראַך אַף די ליפּן. און לעבן איר בעט אַף דער ערד איז אַ מאמע שטיל אין אַנגסטן פאַרגאַנגען אַף איר שיווע-בעט, נאָכן יינגסטן זון, וואָס ווי לאַנג ערשט איז ער פון איר אוועק אַף די פראָנטן.

ערשט ווייסט שוין אַ מאמע, ווער די כאוורטע איז, ערשט דריקט זי צו איר האַרצן צוויי רויטע, דינע טאָוועלעך וואָס זיינען מיטן זונס בלוט פאַרשטעמפּלט. אַזוינע יונגע טאָוועלעך. אויפעלעך וואָס ציילן ערשט קנאַפּע כאַדאָשים פון אַ יונגן קאָמוניסט. און עס קלייבט זיך ניט אַ מאמע באַגראָבן, פאַרברענען, פאַרוואַרפן די טאָוועלעך. ניין, זי וועט דעם זייכער בא איר האַרצן האַ׳טן.

נאָך פון באַטאָג, ווען אַרעלע מיט די קינדער זיינען אין גאַס אוועק, איז די שטוב שטיל און ליידיק געוואָרן. אַ מאמע מיט גרויסע אויגן און סאַמעטענע טריט האָט מיט אומרו געזאָגט:

— איר עסט ניט, כאוורטע. איר זענט קראַנק, ווי אַ רויטער פאַנצער פלאַמט אייער פּאָנים און די אויגן זאָגן ניט גוט, איר זענט קראַנק.

דאַמאָלסט האָט כאַנע אָפּגעענטפערט מיט צוויי רויטע טאָוועלעך:

— נאַט מאמע, קוקט עס און דערקענט. אָט דאָ, וווּ מיין ווונד איז צויאַטרעס, האָב איך עס געהאַלטן, אַ מאטאָנע פון אַ יונגן העלד און ווי גאָר האָב איך עס פריער דעם נאָמען ניט דערקענט? נעמט... איך בין אויך אַ מאַמע: ערגעץ האָב איך אַ קינד אַף העפקער געלאָזן. נעמט ניט אָן פאַר אומגיט.

ערשט איז איר זייער. זייער גוט כאַנען; ערשט ליגט זי אונטערן פאָרהאַנגל אין אַ בעט. אַ פעלדשער פון הויף האָט זי באַטראַכט און נאָך ניט פעסטגעשטעלט פונוואַנען קומט צו איר הויכע טעמפּעראַטור: — פון דער אייטערדיקער ווונד, צי פון אַ טיפוס, וואָס נעמט זיך בא איר אויסשיילן?...

ערשט איז איר גוט כאַנען, אָט טראָגט זי זיך מיט די ברעגן פון דניעפּר אין ליכטיקן דאָרעם... טויקע באַגינענס מיט שטראַלן געמישטע באַגלאַנצן ערד און בוים. די אַרבעטער זאַמלען זיך בא די גרויסע זאַוואָדן, שפּאַרן זיך אָן אַף שווערע טויערן, אַף גראָע ווענט און וואַרטן אַפן גרויסן פייף צו דער פרימאָרגנדיקער מישמיירע, און זי, כאַנע, וואַקסט אויס אַף אַ פלויט, אַף אַ בוים, און העליש איז איר וואָרט, וועלכער רופט צום קאַמף...

אָט דאָ טאַקע, אַפן ליכטיקן דאָרעם, מיט די ברעגן פון דניעפּר, מיט מאַכנעס שטאַרקע, מיט מאַכנעס רויטע טראָגט זי זיך כאַנע: אַ רויטע שוועסטער איז זי. אָבער ווער האַלט זי אָט איצטער פאַרן קאָפּ, פאַר הענט און פיס און שטערט איר צו איינשפּאַנען זיך אין דער אַרבעט אין אונטערערדישער אַרבעט?

אַרום איז שטיל און אין פאַרוועבטע נאַכט-שאָטנס זיצט אַרעלע לעדערמאַן באַם שוסטערשן וואַרשטאַט אינם דרייפוסיקן שטולכל מיט לעדער באַצויגן. מיט אים — זיין געשוואָרענער געהילף, וואָס באַגלייט אים אַ גאַנץ לעבן. אַזוי ווי די שילד מיטן אָנגעמאָלענעם גוילעם ענדערט זיך ניט, אַזוי ענדערט זיך ניט דער עפּילעפּטיקער סטעפּאַן מיט דער לאַטע אַפן פּלייצע. אַ גאַנץ לעבן דיזעלבע לאַטע אַ גאַנצן פאַרנאַכט ביזן אָוונט אריין האָט ער סטעפּאַנען געמונטערט, ווייל יענער איז שיקער געווען, כאָטש דריי אים אויס; האָט ער אים קאַלט וואַסער אַפן קאָפּ געגאָסן, כריין געשאָבענעם אין מויל אים געשפּאַרט — ער זאָל זיך אויסניכטערן און געטאַינעט דערביי מיט אַ געהויבענעם לאָשן:

— שטיי אויף, דיקטאַטאָר, וואָס סראָרעס און מאָנאַכן דאַרפן זיך גלייכן צו דיין אָפּצאַס; אַזוי וויל לענין און טראָצקי אויסגלייכן די וועלט... און איך, אַרעלע לעדערמאַן, אַ זון פון אַ אויסדערוויילטן פאָלק, וואָס שוין צוואַנציק יאָר, אַז איך האָב פיינט דעם גאָלעס. איך בין היינט גרייט מיין האַלדז שטעלן פאַרן גאָלעס, ווייל וואָס וועט ווערן פונם איינציקן גאָט, וואָס וועט ווערט זיין דאָס אויסדערוויילטע פאָלק, ווען סראָרעס און מאָנאַכן וועלן געצווונגען זיין זיך בוקן צו אזא קופּע טינעף ווי דו ביסט...

די נאַכט, ווי אַ פאַרגוואַלדיקטע, האָט אומרו געשפּרייט. עפּעס האָט עס געזיפצט דורך שפּאַרונעס פון לאָדן פאַרהאַקטע. אַרעלע מיט סטעפּאַנען זיינען באַם וואַרשטאַט געזעסן, געגלאָצט מיט די שטאָלענע אָלן און יעדער מאָל, ווען סטעפּאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט, אויסגעצויגן, ווי אַ גאָנער, דעם האַלדז און געקלאָגט — דער קאָפּ טוט וויי,—האָט אַרעלע אים אַ זופּ דע-לאַנגט פון אַ פלאַש:

— זופּ, פאַרזויף די בכוירע, וועסט אַן אייביקער קנעכט זיין סטעפּאַן, און אַז מען וועט דיר בויערן דיין אויער, וועסט

נאָך אלץ שרייען — כ'האָב ליב דעם באַלעבאָס, כ'האָב ליב זיין רוט.

אף אַן עפּילעפּטישן פּאָנים האָט זיך אַ סקעפּטישער שמייכל צוצויגן, אויסגעצויגן דעם האַלדז, אויסגעשפּיצט די אָפּגעהאַנגענע אויערן און געזאָגט:

— הערסט, מען שיסט אָן אופהער, מען שיסט, גיב, באַלעבאָס, נאָך אַ צוויי זופּ טאָן.

.VI

און אַף מאָרגן איז אַ טאָג געווען אַמירמל-האַרטער, אַך אַ זאַמדיק-שווערער; דער עפּילעפּטיקער סטעפּאַן האָט זיך שוין ווידער געוואַלגערט אין קיך אַ שיקערער און אַרעלע האָט זיך געשפּיגלט מיט די שטיוול, געוואַרט מיט אומגעדולד—אַ קוק טאָן מיט אַ לעבעדיקן אויג, ווי זינגען זיינע שטיוול אַפן פּריצישן פוס. .

האָבן די פּריצים פאַרשפּעטיקט, געקומען זיינען זיי, ווען די זון האָט זיך שוין לאַנג, לאַנג אונטער די גרינע בערג באַהאַלטן, און מענטשן, ווי זיי וואָלטן זיך פאַרן זומער-פאַרנאַכטיקן שימער געשראָקן, זיינען שוין לאַנג פון די גאַסן אַוועק.

געקומען זיינען זיי די פּריצים אַזעלכע בראַווע, ווי נעכטן. האָבן אָנגעפּילט די שטוב מיט שפּאָרן-קלאַנג, מיט קלאַנג פון גאָלדענע קייטלעך באַ די קאַבורן פון רעכטן זייט און שווערד פון לינקן זייט. געווען זיינען זיי בראַוו און אופגעלייגט, שטאַרק אופגעלייגט; געבלענט האָבן זיי מיט פולע פינגער רונגען, גערופן אים שאַרף—ייד.

„נו, וואָס, ייד, פאַרטיק די שטיוול"?

ווי נעכטן האָט זיך לעדערמאַן פאַר זיי נידעריק פאַרנויגט ניט אויס מוירע, נאָר אויס גרויס דערעכערעץ צו זיי. גערעט מיט זיסקייט אַפן צונג:

— פאַרטיק, אייער וואָילגעבורט, ווי קאָן דאָס זיין ניט פאַרטיק? אַז לעדערמאַן זאָגט אַ וואָרט איז הייליק; פון אינדערפרי אָן וואַרטן גרייט די שטיוול.

זיי האָבן עפּעס מאָדנע געלאַכט:

— הייליק! אָט וועלן מיר זען. ביקלאַל זענט איר אַלע ליגנער, גאַנאָווים, אויסקוילען דאַרף מען אייך אַלעמען, באָלשעוויקעס, אין אייער הינטישער מאַמען אַריין! אַנו וויז נאָר אַקאָרשט אָנמעסטן די שטיוול.

אַרעלעס פּאָנים האָט זיך איבערגעקרימט, די פּלייצע האָט געצוקט. ער, דער מיוחן אַף פּריצישע פיס, האָט באַם ליכטל פון לאָמפּ באַמערקט, אַז באַ זיי זיינען פיס מיעסע, אויסגערונדיקטע און אַז אינגאַנצן וואָלט מען זיי געקאָנט נעמען און אַף אַ שפּענדל אַרויסוואַרפן.

— „מיינע האַרעלעך—האָט ער געזאָגט—אייערע טאַנעס קעגן קאָמוניסטן זיינען אַוואַדע גערעכטע, איך בין אַליין קעגן זיי. קעגן מיין אייגענעם קינד, וואָס גייט מיט זיי".

און ווילע די שטיוול האָבן טאַקע אַפן פוס געזונגען, האָט עס מיט וואַרעמקייט אַ שלאָג געטאָן צו אַרעלעס געבליטן. האָט ער באַגייסטערט שיר, שיר ניט אויסגעשריען—פּריצים, קוקט נאָר אָן, וואָס אַ ייד איז פעיק צו מאַכן מיט זיינע הענט, אָן קיינעמס הילף, ווייל דער אור-אור זיידע פון אָט דעם יידן איז דאָך געווען דער גרעסטער קינסטלער בעצאַלעל. אָבער די ווערטער זיינען נאָר פאַרוואָרגן געבליבן אין אַרעלעס האַלדז, ווייל ער איז שוין צום וואָרט ניט געקומען; דאָס וואָרט האָבן געהאַט זיי:

— וויפל זאָג, וויפל האָסטו באַ אונדז אַן אופגאַב גענומען? אַהאַ דו לייקנסט גאָר—וויז נאָר אַקאָרשט דאָס בייטל דיינס, וועלן מיר דערקאָנען אונדזער געלט.

אָט אַזאַ איז געווען דער אָנהויב, ווי אַלע אָנהויבן, און וויפל דאָס האָט געדויערט און וואָס זיי האָבן מיט אים געטאָן איז עפּשער באַצייכנט אין דער כראָניק פון יענער צייט.

אָבער וואָס האָט ער געטאָן? ער האָט געשוויגן, צונויפגעדריקט די ציין און געשוויגן, און איין באַגער האָט ער געהאַט, אַז קיין זייטיק לעבעדיק אויג זאָל עס ניט זען און קיין אויער זאָל עס ניט הערן ביז, ביז ער וועט דאָך אַמאָל פּאָטער ווערן פון זיי—אַך, ווען זיי פאַרנעמען אַלץ ביז אַ שנירל און פאַרלאָזן די שטוב. האָבן זיי זיך אָבער אַ צי געטאָן צום טירל, וווּ די קינדער שלאָפן, און אָט דער געגוואַלדיקטער, צוטראָטענער ייד האָט ראַפּטום קראַפט באַקומען, אַפילע שיקערע קעפּ האָבן עס דערפילט. ער האָט זיך נאָר אין טיר, ווי אַ געקרייצטער געשטעלט און מיט הינטישן געבעט ווידער געקליאַנטשעט:

— פּריצימלעך, וואָס איר האָט געוואָלט האָט איר געטאָן מיט מיר, און איך האָב געליטן, איך האָב געשוויגן, אָבער ערשט קאָן איך מער ניט, שפּילט ניט מיט מיין געדולד, איך קאָן אַן אומלע באַגיין קעגן אייך, איך וויל עס ניט פּריצימלעך, לאָזט מיר קושן אייערע טריט אָבער לאָזט צורו, דאָ שלאָפן די קינדער, אומשולדיקע קינדער, זויבערע טויבן.

— כי-כי-כי האָט געריצט זייערע שיקערע טאַיווע אָט די הינטישע האַכנאָע—דו באַהאַלסט דאָרט, קאָמוניסטקעס אַוואַדע, לאָז, אַ ניט באַקומסטו אַ קויל.

אָבער זיי שיסן ניט, עפּשער ווייל עס לוינט ניט דער טומל? און אין טונקעלן ווינקל פון גרויסן קעלער-שטוב האָט זיך אַ ווילדער, אַ שטומער געראַנגל געפירט. אָבער פּלוצלינג האָט דער ייד אַ גוואַלדיקן געשריי געטאָן. די שיקערע קעפּ זיינען ניכטערער געוואָרן. אַ פרוי מיט צופלאָסענע צעפּ, מיט ווילדע ברענענדיקע אויגן, מיט אַ דולן אַנטשלאָסענעם פּאָנים, מיט אַ האַק אין דער האַנט האָט זיך אַף זיי פאַרמאָסטן. ווי אַ טייוול פון דער ערד אַרויס האָט אויסגעוויזן כאַנע, און איר קאָל, ווי געפּלאַצטער מעטאַל, האָט עס אין נאַכט אַריינגעריסן:

— פאַרשאָלטענע באַנדיטן! און נאַכטיקע קוילעס פון קינדער און מוטער האָבן איר ווידערהאָלט:

— באַנדיטן, ראַטעוועט!

און אַ הויף האָט געענטפערט מיט שטעקנס אין אַ הענגנדיקן בלעך און מיט קוילעס: באַנדיטן! באַנדיטן! ראַטעוועט!

אַ הויף איז ניט איינזאַם געבליבן. ערגעץ האָט מען נאָך שטאַרקער געזעצט און געפּויקט, און געשריען. ווי הויפן, ווי גאַסן, ווי אַ שטאָט אַ גאַנצע וואָלט זיך צונויפגערעט...

(סאָף קומט)

איזי כאַריק.

# און ס'בלויט דער הימל סאַיוויסאַי...

.I

ניט דערפאַר, ווייל דאָ איז ענג,
וואָלט איך צו דיר, מיין שטעטעלע, געקומען,
נאָך אַמאל א קוק-טאָן, ווי דו בענקסט
אין שטילן דורכזיכטיקן אומעט...

וואָס האב איך, שטעטעלע, פון דיר געוואָלט,
וואָס האב איך, שטעטעלע, מיט דיר געטאַינעט,—
איך האב געוואָלט אין שטיין און שטאָל
דיך אָנטאָן, שטעטעלע דו מיינע.

איך האב געוואָלט. דיין יעדער שטוב
זאָל אויסוואַקסן אין שטאָלצע גאָרנס,
און דו זאָלסט מער ניט שווייגן שטום
אַף דיינע אויסגעלעבטע יאָרן...

ניט דערפאַר, ווייל ס'ווערט איצט לינד
און מאַי צעגיסט זיך אַף די גאַסן,
פיל איך זיך איצט שטיל און גרינג
און קען דיך, שטעטעלע, ניט האסן.

בא דיר מוז איצטער אויך זיין מאַי,
כאָטש דו מוזט אלץ אים רופן סיוון,
און ס'בלויט דער הימל סאַיוויסאַי
אַף אלץ, וואָס איז נאָך דאָ פאַרבליבן...

.II

דאָס גאַנצע שטעטעלע,— אַ יאָנטעוודיקע ליכט,
דערברענט איר שטילן וואקס, וואָס טריפט נאָך אלץ מיט האָניק.
איך גיי דאָ אום מיט רו אַף מיין געזיכט
און כ'ווער היינט פול מיט שטילקייט פון דערמאָנונג...

דאָ האָט אַמאָל אַ ייִנגעלע געלעבט
און ס'האָט דאָס ייִנגעלע נאָך ניט געוווּסט פון זאָרגן,
הייזלעך פלעגן אופהויבן די קעפ
און שטילערהייט אים ענטפערן:—גוט-מאָרגן.

און ס'איז געווען אים ניט גוט, ניט שלעכט,
עס איז געווען אים, נאָר גלאַט אזוי זיך...
אין אויסגעשטערנטקייט פון ווייסע נעכט
האָט ער אַף געסעלעך געפרייט זיך.

מיט אויגן אָפענע, מיט אָפן האַרץ
האָט ער אַ טויאיקער געוואַכט דאָ,
און ניט געוווּסט האָט ער, ווי ליבט מען האַס,
ווי קען מען בענטשנדיק פאַראַכטן...

... איצט וואָלט דאָס ייִנגעלע זיך ניט דערקענט
און ניט דערקענט וואָלט איך אים אויך מיסטאַמע.
גוט, ווען ס'לעבט נאָך דאָ אין רו פון ווענט
אונדזער אומעטיקע מאמע.

.III

אָוונט. עס ווילט זיך אי שווייגן, אי ריידן,
איך וויג זיך פאַרטוליעט און רו בא דער וואַנט.
איך און מיין מאַמע — מיר שטייען דאָ ביידע
און ביידע נאָך גלויבן, אַז טרייסט איז פאַראַן.

מיין מאַמע חאלט אָפן איר געל-גרויען סידער
און שורעס פאַרשווימען אין קלאָרן געוויין...
און איך—אין געראַנגל פון אייגענע לידער
ראַנגל און בעט זיך בא זיך אליין.

וואָס דאַרף איך, וואָס וויל איך, וואָס מאָן איך אין וועלטן?—
א שווערער, א שוואַרצער, איך שטיי דאָ און זינג.
ווען כ'קום צו דער מאַמען, דערפיל איך—כ'ווער עלטער,
און ס'טוט אזוי באנג, וואָס איך בין שוין אויס קינד.

איך האב דאַך פאַרזוכט שוין פון פרייד און פון ווייטיק,
בלייבן שפורן פאַרקריצט אין מיין האַרטן געזיכט.
איך—אין א ווינקל, מיין מאמע—אין צווייטן
ברענט, ווי א שטילע, א וועקסענע ליכט...

.IV

איך בויג דאָ איין מיין יונגן קאָפּ און שווייג,
און ס'קען מיין האַרץ קיין רו זיך ניט געפינען.
שטעטל-שטעטעלע, מיין אָפּגעדאַרטער צווייג,
ווידער ווילסטו אָנהויבן צו גרינען,
גיי איך דאָ אום א שטילער גאַסט און שווייג.

און ס'טוט מיר באנג, עס טוט מיר זייער באנג
און כ'בין אזוי יעסעניִנען מעקאַנע:
אויך מיר וואָלט זיך דאַך וועלן אין געזאַנג
קומען און דיך אָנרופן: מיין מאַמע,
עך, דו שטעטעלע, ווי ס'טוט מיר באנג.

אָפטמאל דאַכט זיך מיר, איך שטיי שוין בא דיין סאָף
און אָפטמאל דאַכט זיך מיר, דו ווילסט ניט שטיין געבויגן
און דיינע הייזלעך, ווי אופגעוואכטע שאף
עפענען די קיילעכדיקע אויגן
נאָך א שטילן, זומערדיקן שלאָף...

שטעטל-שטעטעלע, מיין קינדערשער אמאל,
איך האב געוואָלט דערזען דיך אין ברענען,
נאָר ווער עס האט געשאָלטן דיך אמאָל,
וועט שוין מוזן דיך פאַרשאָלטן קענען,
שטעטל-שטעטעלע, מיין קינדערשער אַמאָל...

איציק פעפער.

# יונגע כאַלופקעס.

יונגע כאַלופקעס מיט ווענטעלעך ווייסע,
היימישע שטיבלעך אַף ווערסטן, אַף קרימער
קאָנט איר דערציילן אַ פריילעכע מאַיסע,
וואָס קאָן זיך פאַרלויפן אין איינעם אַ זומער.

אָ, איך געדענק אייך איַנצענטן געבויגן,
שטיבעלעך קרומע און אַלטיטשקע כורוועס,
ווער האָט אייך צעבלאָן אַ פונק אין די אויגן,
ווער האָט עס מיט זאַטקייט פאַרפוצט אייער באָרוועס.

ווער האָט אייך געמאַכט אַזוי שלאַנק ווי די בוימער,
ווער האָט עס געמאַכט אַזוי וואַרעם דעם זומער —
יונגע כאַלופקעס אין סטעפישע רוימען,
היימישע שטיבלעך אַף ווערסטן, אַף קרימער.

* * *

שמעקט מיט פאַרנאַכט דער אַרום,
ברויטן פאַרכאָלעמטע לויפן,
טשערעדעס קערן זיך אום
אין היימישע הויפן.

אַ רעגן צעזינגט זיך און פאַלט
און לייגט זיך אַף שטויביקע גראָזן,
פון ווייטן פון שמייכלענדן וואַלד
ווינטעלעך היימישע בלאָזן.

אין לייען-שטיבל זינגט מען שוין לאַנג,
אַ ראַדיאָ שרייט אינם קוימען;
שיט זיך דאָס פרישע געזאַנג
אַף פעלדער מיט פריילעכע זוימען.

דער הימל איז וואַרעם און שטום,
שטערן ווי ווייצן זיך שיטן;
שמעקט מיט פאַרנאַכט דער אַרום
מיט ברויטיקע פרישע מינוטן.

* * *

גלוסט זיך אַ כאַפ טאָן, אַ ריס טאָן פון שלאָף
און שרייען און בונטעווען העכער,
טויזנטער שמייכלען בליען ניט אויף
דאָרט אונטער טרוקענע דעכער.

דאָרט אין דער פרעמדער און פראָסטיקער הויך
שיטן זיך שטערן ווי זוימען,
דער צוועלפטער ווינטער, אַז ס׳גייט ניט קיין רויך
באַ מיר פון מיין אַלטיטשקן קוימען.

דער צוועלעפטער ווינטער, עס גיסט און עס רינט.
און עס בלאָזט דורך די טירן און שויבן,
און פון הויכע געסלעך טראָגט מיר דער ווינט
שנייעלעך גרינגע ווי טויבן.

אטאָ דאָ אינם סטעפ, ווו ס׳איז האַרבסטיק און וויטט,
וועט אופגיין די בליונג נאָך העכער;
טויזנטער שמייכלען שטאַרבן אומזיסט
דאָרט אונטער טרוקענע דעכער.

* * *

מיט קאָרענער זאַטקייט אָטעמט דער סטעפ
אָטעמט מיט נאַכט און מיט ווונדער,
איך זיץ אין מיין קליינינקן צימער און שטעפ
העמדעלעך צוויי פאַר די קינדער.

דער טאָג איז אַוועק מיט זיין לויטערער היץ.
אַוועק אין דער ווייטקייט פון זומער,
העמדעלעך פראָסטע פון רויטינקן ציץ
שטעפ איך אין טונקעלן צימער.

דער טאַטע וועט קומען פון פעלדער היינט שפעט,
גאַנצע טעג שניידט מען ברויט אונטער הימלען,
וואָס העכער עס רוישן אין ווייטקייט די שטעט
איז גרינגער אין סטעפ דאָ צו דרימלען.

פון יענער זייט פענצטער כאָלעמט דער סטעפ.
כאָלעמט מיט נאַכט און מיט ווונדער,
זיץ איך איז קליינינקן צימער און שטעפ
העמדעלעך צוויי פאַר די קינדער.

ש. ראָסין.

# אין זוניקע טעג.

ווער ווייסט, ווער ווייסט וואָס קאָן זיך מיט מיר טרעפֿן נאָך,
ערגעץ לויערט נאָך אַף מיר מיין גליק.
— עס וועט נאָכאַמאָל באַהעפֿטן זיך,
וואָס עס איז צוריסן שוין, וואָס עס איז צופּליקט.

עס וועט נאָך ווען אַף מיר אַ פֿרייד אַראָפּ,
פּלוצלימדיק אזוי און אומדערוואַרט,—
קאָפּ מיינער, מיין אומרויקער קאָפּ,
לאָז זיך איינריידן אַמאָל פֿון האַרץ.

לאָז זיך אָפּנאַרן מיט ווונדערלעכע מאיסעלעך,
ווי ס'לאָזט זיך איינוויגן אַ קינד;
אַלציינס וועסטו פֿון פליצע זיך ניט אָפּרייסן
און ניט לאָזן זיך ווי פֿויגל אָפֿן ווינט...

. . .

עס איז מיט דיר מיין שטוב ניט געוואָרן פֿולער,
ניט צוגעקומען פֿרייד —
אַך, אומזיסט, אומזיסט האָב איך צושאָטן
הייסע, פֿלאַטערדיקע רייד.

ס'קען זיין—איך קען שוין מער ניט פֿלאַטערן
הייס אזוי און צאַרט,—
וואָס זשע קען איך אלץ ניט זאַט ווערן
מיט לעכצנדיקן האַרץ.

אויב עס האָט פֿאַרקייקלט זיך מיין יוגנט שוין
אַ זינטער גרינעם באַרג,—
וואָס זשע קען איך אלץ זיך ניט באַנוגענען
און כ'בין אליין זיך קאַרג.

וואָס זשע טראָגט עס מיך מיט קאָפּ מיט ציטיקן
פֿון שוים צו שוים?
— עפּשער וועל איך ווען דורך וועגן זייטיקע
צו זיך אַרויס...

. . .

מיין האַנט, וואָס איז געווען אין לופֿט פֿאַרמאָסטן,
מיין טראָט צושאָטענער אַף האַרטער ערד.
— איך בין שוין היינט געוואָינט צו ארבעט פּראָסטער
און ס איז די מידקייט מיר ניט שווער.

איך ווייס שוין היינט—קיין ווונדער טרעפֿן ניט
און וואַסער שלאָגט מען ניט פֿון שטיין,—
ס'האָט קיין טיר פֿאַר קיינעם ניט צעעפֿנט זיך
פֿון זיך אליין...

וואָס זשע קען איך אַלץ זיך ניט באַנוגענען
אין זוניקייט פֿון טעג—אַ וואָלקן מיך באגלייט.
— קאָפּ, מיין קאָפּ, דולער און מעשוגענער,
האַרץ מיינע, ווו איז זי די פֿרייד?

אַזוי פֿיל לויטערע און רינזלדיקע קוואַלן
שטראָמען דאָ צווויקלטע
פֿון שטיין אַף שטיין,
— און ס'טוט מיר באַנג פֿאַר אלעמען,
וואָס קאָנען נאָך ניט גליקלעך זיין
און ס'טוט מיר זייער באַנג
פֿאַר זיך אַליין...

אווראָם רייזענען געווידמעט.

. . .

ביזט מיר ליב און פֿון אַמאָל נאָך נאָענט,
און אַצינד — ביזטו מיר ליבער נאָך און נעענטער:
וויפֿל, וויפֿל שווייגנדיקע אָוונטן
כ'האָב אַף דיר אין איינזאַמקייט געלענט...

— יענע אָוונטן ווינטערדיקע, האַרבסטיקע,
נאָך שווערער מי, אַף ארבעטער-פֿאַרזאַמלונגען:
איז דיין ליד די וואַרעמע, די האַרציקסטע
אונדזער אַלעמענס געזאַנג געווען.

ס'האָט דיין ליד מיט אַלעמען געטרויערט דאָך
און געוועקט, גערופֿן אונדז אַף צייטן בעסערע,—
אָט פֿאַרוואָס אין דייען אונדזערע
וועט דיין ליד אַף קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן זיין.

מאָסקווע, נאָיאַבר 1926.

א. קושניראָוו.

# היִנטישע סטעזשקע.

אין קיִעוו, פֿון פעטשערסקע הויקערדיקע הויכן צו די נידערן פֿון צענטער, באַרג-אַראָפּ, באַרג אַראָפּ פֿירט א לאנגע ראַכוועסדיקע גאַס.

די לעצטע יאָרן האָבן אָפּגעווישט, אָפּגעמעקט דעם אַלטן נאָמען פֿון דער גאַס.

געווען איז אַזוי:

מאַכטן זיינען אָנגעקומען און אַוועקגעגאַנגען.

צוואַנציק מאל האָט זיך דער נאָמען געביטן.

צום מאָל, צום איינונצוואַנציקסטן—מיִט זוניקע יוני-טעג—ווידער דיִ סאָוועטנמאַכט און ווידער און אף שטענדיק באַשטיִמט:

אָקטיאַבר-גאַס!

פֿון פעטשערסקער הויקערדיקע הויכן צו די נידערן פֿון צענטער, אַכוץ דער אָקטיאבר-גאַס, פֿירן אויך אַנדערע, פֿאַרדרייטע און געפּלאָנטערטע גאַסן.

און נאָך אַ וועג איז פֿאַראַן—און ער איז דער קורצסטער—היִנטער פלויטן פֿונם אַרסענאַל און פֿון די אַלטע קאזארמעס, דורך יאַרן און ראָוון, אַ שמאָל און אַ ליימיִק סטעזשקעלע, באַרג אַראָפּ, באַרג-אַראָפּ געשלענגלט צום ענגן און קורצן שלונג פֿון אַ מאַרק-פּלאַץ.

אין די יאַרן, אין די ראָוון הינט הונגעריקע בייסן און רייסן זיך פֿאַר נעווײלעס, פֿאַר מיסט און פֿאַר אָפּפֿאַל, וואָס דער פֿעטער מאַרק וואַרפֿט טעגלעך אַהער ארויס.

איבער שמאָלן און ליימיקן סטעזשקעלע, הינטישע שפּורן אין אַלע און פֿון אַלע ריכטונגען. און אַזוי הייסט עס טאַקע:

הינטישע סטעזשקע.

* * *

איז אין א פֿינצטערער יאַנוואַר-נאַכט פֿון אַכצנטן יאָר—דורך דערדאָזיִקער שמאלער הינטישער סטעזשקע אַסאַך, אַסאַך זיינען אַרויף צו די הויקערדיקע פעטשערסקער הויכן, צום אָנגעשטרענגט-אַנטשוויגענעם אַרסענאל, אַרויף דורך דער הינטישער סטעזשקע, קעדיי אין עטלעכע טעג אַרום—טעג פֿון געשלעג—צוריק שוין ניט אַראָפּ, נאָר אַראָפּגעטראָגן ווערן אין פֿילצאָליקע רויטע אַרוינעס, דורך דער ראַכוועסדיִקער גאַס, וועלכע האט דעמאָלט צום ערשטן מאל באַקומען איר נאָמען: אָקטיאַבר-גאַס.

דעמאָלט איז געווען אַזוי:

אַסאַך האָבן דעם רוף ניט פֿאַרשטאַנען און ניִט אופֿגענומען, ווייל אף צו פֿאַרשטיין און דערפֿילן האָט מען באדאַרפֿט פֿאַרמאָגן אַ האַרץ אַ הייס און אַ האַרטס, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיִט שטאַרקן, ווי איינגעשטאַנענער וויין, צאָרן. און נאָך —

ווייל אַף צו פֿאַרשטיין און דערפֿילן האט מען באדארפֿט פֿאָשעט זיין אַן ארבעטער,—אָט ווי יענע פֿונם אַרסענאַל, וואָס האָבן אין דער פֿינצטערער יאַנוואַר-נאַכט פֿאַרמאָסטן איִבער דערשראָקענער שטאָט אַ פֿאָדערונג:

דיִ גאַנצע מאכט פֿאַר דיִ ראַטן!

* * *

אין יענער נאכט האָבן אַף דער היִנטיִשער סטעזשקע זיך געטראָפֿן צוויי מענטשן.

עס איז געווען נאַס און גליטשיִק. דער פֿראָסט האָט אָפּגעלאָזן נאָך מיִט עטלעכע טעג צוריִק. איִן דער פֿייכטער נעפּלדיקער פֿיִנצטערניִש האָבן אויגן ניִט געקאָנט אָנטאַפּן איינער באַם אַנדערן דיִ פּענימער. בלויז ווען זיי האבן שוין געאָטעמט נאָענט איינער נעבן דעם אַנדערן, האָט איינער געפֿרעגט:

— אַרויף גייסטו?

ער איִז געווען אַ הויכער. אין דער פֿינצטער האָט זיִך געפֿילט, ווי מיט יערן טראָט זיינעם, שטויסט אַרויס זיין קערפּער אַ גרויסע שטיק פֿינצטערניש. דער אַנדערער איז געווען אַסאַך נידעריקער. ער האָט געהאַלטן אין איין אונטערלויפֿן, קעדיי ניט אָפּצושטיין.

קיין איינער פֿון זיי האָט זיך ניט פֿאַרוואונדערט, וואָס ביידע זיינען זיי געגאַנגען איין וועג. אַנדערש האָט ניט געקענט זיין אין דערדאָזיקער נאַכט איז דער וועג איבער דער היִנטישער סטעזשקע געווען בלויז איינער—צום אָנגעשטרענגט-אַנטשוויגענעם אַרסענאַל, וואָס האָט פֿון דער הויך, ווי אַ שווערע געפֿאַר, זיך אַראָפּגעהאַנגען איבער דער שטאָט.

דיִ הינטישע סטעזשקע איז געלאָפֿן ארויף ליימיק און געשלענגלט, און אַפֿילע פֿון נעפּל האָבן שאַרף זיך אַרויסגעזען אירע ראַנדן איבער דער פֿינצטערניש פֿון די ראָוון. הינטן האָט פֿאַרשטיקטע און אויסגעלאָשענע שטאָט ערגעץ ווו נאָך ארויסגעקוקט מיט פֿאַרגעסענע ווייטע פֿייערלעך. דאָרטן בא יענע פֿייערלעך איז עפּשער פֿאָרט געווען וואַרעמער און היימלעכער ווי איצטער אַף דער הינטישער סטעזשקע.

און דער הויכער האט ווידער געפֿרעגט:

— געווער אַוועלכן עס ניט איז האָסטו?

אַליין האט ער געטראַכט וועגן דעם, אַז מיט צוויי שאָ צוריק האָט ער אופֿגעוועקט זיין זיבניאָריקן זון. פֿון הינטערן שטרוי-זאַק, אף וועלכן דאָס יִינגל איז געשלאָפֿן, האָט ער האַס-

דאָס איז געווען דער אָנהויב פֿון אַכצנטן..

דאָס יאָר דאָס זיבצנטע האָט נאָר וואָס אָפּגערוישט, אָפּגעשוימט מיט כאַדאָשים באַריידעוודיקע מיט טעג, מיט צושטרויטע און רויטע און העל—פֿאַרן אונטערגיין—זיך צוגליט מיט אָ ק ט י אַ ב ר.

אין ווייטער נעפּלדיקער הויפּטשטאָט איז געווען פֿרייד און הונגער, און קעלט. און דורך טעלעגראַף, דורך ראַדיאָ—אַלעמען, אַלעמען—אין אלע ווייטן און עקן פֿון ראַכוועסדיקן, גרויסן לאנד האָט נאָך אלץ זיך געטראָגן וועגן אָקטיאַבר אַן אָנזאָג און אַ רוף.

טיק אַרויסגעשלעפּט די ביקס, וואָס איז געלעגן דאָרט באַהאלטן.

דעם ייִנגל דעם זיבניאָריקן איז גוט באקאנט געווען אָט די ביקס אַסאך טעג איז זי דאָרטן געלעגן באהאַלטן אונטערן שטרוי-זאַק, פאַרוויקלט אין שמאטעס. אסאך מאָל האָט שוין דאָס ייִנגל כיישעק געהאט די ביקס אַרויסשלעפּן, זי פאנאנדערוויקלען און פאַנאַנדערקוקן

איצטער האָט דאָס ייִנגל געפרעגט:

— טאַטע... איך וועל אויך גיין מיט דיר?

— שלאָף, שנעק, מאָרגן וועסטו גיין.

נאָר אָט — דער שמייכל, וואָס האָט זיך אים געלייגט אַף די ליפּן, ווען ער האָט אַזוי געענטפערט, האָט אויך איצטער געקרימט זיין פּאָנים. ער האָט דערציילט, אנהויבנדיק גלייך פונם סאַף, ווי יענער וואָלט נאָך פריער געוווּסט גענוי וועגן אַלץ.

— אָט אַזאַ שנעק: טאַטע, איך וועל אויך גיין מיט דיר.

און דער צווייטער —

צי ער האָט געטראַכט, צי ניט, — מיט עטלעכע שאָ צוריק איז ער געשטאַנען אין אַ ליכטיקער דרוקעריי. ריִרעוודיקע פינגער האָבן ווי הונגעריקע געפּיקט אין די נעסטן פון דער קאַסע. ער און זיינע כאַווירים — יידישע זעצער — האָבן געזעצט אַן אופרוף, טאַקע, וועגן אָט דער אומגעריכטער און — ווי אין אופרוף איז געשטאַנען — אומזיניקער געשעעניש מיטן ארסענאל.

דער אופרוף האָט גערופן די אַרבעטער אין דער לעצטער שאָ זיך אַרומקוקן...

דער אופרוף איז געווען אַ גרויסער. דעם מאַנוסקריפּט האָט מען צעריסן און פאַנאַנדערגעשיקט אַף אויסצוזעצן שטיקלעכווייז. און יעדער שטיקל באַזונדער האָט איצטער גערופן און געוואָרנט פון אומזין.

אונטערן אופרוף זייגען געווען אונטערגעשריבן נעמען, פאַר וועלכע זיין האַרץ אַליין — אַ האַרץ פון אַן אַרבעטער — האָט ניט איינמאָל זיך פאַרנויגט מיט אָפּשיי. נאָר מיטן זעלבן אַרבעטער-האַרץ האָט איצטער דער זעצער יאָסל קאַרפ פלוצלינג דערפילט, אַז עס האָט געמוזט געשען אַ טאָעס, אז די אַלע נעמען, וועלכע ער איז געוואָינט געווען צו גלויבן, טאָר מען איצטער ניט גלויבן.

ער האָט אַ שמיץ געטאָן די ווערסטאַטקע מיט די אויסגעזעצטע שורעס. ער האָט געזאָגט, אופהויבנדיק צו די כאַוויירים זיינע פוסטע הענט:

— איך וואָלט אַזעלכעס ניט געהייסן זעצן.

ער האָט ניט געוואַרט, עמיצער זאָל אים גלייך נאָכטאָן. נאָר אים אַליין איז מיטאַמאָל געוואָרן רויק און גרינג. דעם זעצער יאָסל קאַרפּ האָט איצטער זיך געדאַכט, אַז אַ בלויז ווערט שוין אַזוי אינם אופרוף פאַרבלייבן. אט, זיין בלויז ווערט שוין קיינער ניט קאָנען אויספילן.

איצטער האָט שוין דער הויכער צופרידן דערציילט:

—און בא אונדז האָבן אַלע רעדער זיך אָפּגעשטעלט. אונדזערע זיינען אַלע דאָרטן... באַ אונדז זיינען אַרבעטער—ווי איינער.

דער זעצער יאָסל קאַרפּ האָט געפּרוּווט פאַרענטפערן. דער זעצער יאָסל קאַרפּ האָט געזאָגט מיט א געפאַלענער שטים:

— די פירער האָבן אָפּגענאַרט. ניט קיין רעכטע פירער. אָט, איך אליין — איך האָב געגלויבט נאָך ביז היינט...

און די הינטישע סטזשקע איז געלאָפן אַרוף ליימיק און געשלענגלט. צוויי אַרבעטער זיינען געגאַנגען אַרוף צום אָנגעשטרענגט-אַנטשוויגענעם ארסענאל. דעמאָלט איז געווען אַזוי: אַף צו פאַרשטיין און דערפילן האָט מען באַדאַרפט פאַרמאָגן אַ האַרץ, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט שטאַרקן, ווי אַיינגעשטאַנענער ווייַן, צאָרן. און נאָך... ווייל אַף צו פאַרשטיין און דערפילן האָט מען באַדאַרפט פּאָשעט זיין אַן ארבעטער — אָט, ווי יענע פונם ארסענאל... אָט ווי די צוויי, וואָס אַפּן וועג צום ארסענאל.

און דעמאָלט, ווען אין דער פינצטער אַף דער הינטישער סטעזשקע האָט זיך צענויפגעטראָפן דער וועג פון די צוויי אַרבעטער — דעמאָלט, האָט אין דער פאַרלאָשענער שטאָט, ערגעץ אין אַ צימער, שוין אַ צווייטן מאָל זיך אופגעכאַפּט פון שלאָף דאָס זיבניאָריקע ייִנגל. ער האָט פונם געלעגער זיך אייגעקוקט אין דער שוואַרצקייט פונם פענצטער. ער האָט אריבערגעשריען צו זיין מאַמען, וועלכע איז געשלאָפן אַ מידע און אַ שווערע און האָט אים ניט געהערט.

— מאַמע... שטיי אוף! אונדזער אָטשערעד נאָך ברויט וועט מען פאַרכאַפּן. שטיי אוף! פיר מיך אין אָטשערעד...

און דעמאָלט אויך —

דורך איימעדיקע שטאָטישע גאַסן האָט אַ מיידל זיך דערקליבן צו דער טיר פון אַ דרוקעריי. די אַרבעט אין דער דרוקעריי איז שוין געווען פאַרענדיקט, נאָר געווען איז נאָך דאָרט ליכטיק און געטראָפן האָט זי דאָרטן אַלע. קיינער איז היינט פון דאָרטן זיך ניט פאַנאַנדערגעגאַנגען און אַלע האָבן מיט פאַרוווּנדערונג געקוקט אַף אַ מענטשן, וואָס קומט אָן פון אַזאַ נאַכט.

דאָס מיידל איז שווייגנדיק דורכגעלאָפן מיט די אויגן איבער אַלע פּנעמער. דער, צוליב וועמען זי איז אין אַזאַ שאָ אַהער געקומען, איז איצטער דאָ ניט געווען.

זי האָט שטיל און דערשראָקן געפרעגט:

— קאַרפּ... אַ זעצער יאָסל קאַרפּ, איז דען איצטער דאָ ניטאָ?

דאָ האָט קיינער ניט געוואָלט איר זאָגן קיין דערשרעקנדיק וואָרט. דאָ האָט קיינער ניט געקאָנט איר זאָגן קיין באַרויִנדיק וואָרט. מע האָט נאָר זיך געפּרוּווט זי איינהאַלטן און איינריידן, זי זאָל שוין דאָ איניינעם מיט אלע איבערוואַרטן ביז פאַרטאָג.

פון פינצטער, פון דרויסן האָבן דורך ציטערנדיקע פענצטער זיך געריסן אין דרוקעריי אַריין אָפּהילכן פון ווייטע דונערן. די ווענט פון דער דרוקעריי האָבן געשטיקט ערגעצדיקן ווייטן געלויף. און זי איז אַרויס פון דער דרוקעריי צוריק אין דרויסן. זי איז אַוועק צוריק דורך פינצטערע איימעדיקע גאַסן. שטאָט האָט זיך געצויגן אַ גרויסע. שטאָט איז געווען אָנגעשטרענגט: איינגעהאַלטענער אָטעם אין דער נאָענט, פאַרשטיקטער גערויש און געלויף ערגעץ ווייט.

דאָס הויז, וווּהין דאָס מיידל איז איצטער געגאַנגען, איז געווען ווייט. זי איז געקומען אַהינצו צעוואַרעמט פון גאַנג און

פון אימפעט. און אין דער שטילקייט פון אַ פאַרוואָרפענעם הויף האָט פלוצלינג אָפגעהילכט אַ שטאַרקע קלאַפעריי אין אַ טיר.

א ייד, אן אופגעהויבענער פון שלאָף האָט דערשראָקן געקוקט אפן מיידל. ער איז ערשט ניט לאנג אנטשלאָפן געוואָרן נאָך שאָען פון אומרויקן טראכטן און אַרויסקוקן. איצטער האָט ער אין פארלאָרנקייט איבערגעכאזוערט:

— איז ווי זשע הייסט, ער איז ניטאָ דאָרטן? ווו גייט מען א צינד אים זוכן?

איצטער האָט שוין דאָס מיידל זיך געפרווט און ניט געקאָנט געפינען קיין בארויִנדיק וואָרט. אף די טונקעלע ווענט פונם צימער האָבן געציטערט צוויי שאָטנס, און איינער — דעם יידנס, דעם טאטנס—האָט געהאט שטארק ענלעכס אפן זעצער יאָסל קארפ...

אָט דער זעצער יאָסל קארפ, וועמעס בלויז אינם אופרוף, קיינער האָט שוין היינט ניט געקאָנט אויספילן, האָט איצטער איינעם מיטן צווייטן, מיטן נייעם כאוועד, ארויסגעקלעטערט איבער דער הינטישער סטעזשקע צום ארסענאל-געסל. א פאטרול פון א האלבן צענדליק ארבעטער האָט זיי באגעגנט און זיי אָנגעוויזן אין דער טיף פונם געסל.

דאָרטן האָבן געבּרענט שייטערן. מענטשן זיינען געזעסן רעדלעכווייז ארום די שייטערן הארט צוגעטוליעט צום געפייער, מער קיין אָרט בא די שייטערן איז שוין ניט געווען. אסאך האָבן ארומגעטאנצט ארום די רעדלעך און, פון צייט צו צייט, אריבער די קעפ פון די זיצנדיקע, אריבערגעוואָרפן ביידע הענט צום פייער.

ביידע ניי-געקומענע, דער זעצער יאָסל קארפ און זיין הויכער כאוועד זיינען נאָך געווען צעווארעמט פון קלעטערן איבער דער הינטישער סטעזשקע. בא די פייערן האָבן זיי זיך ניט פארהאלטן. דורך א לאָך אינם פלייט זיינען זיי גלייך דורך אין ארסענאל-הויף. אויך דאָ האָבן געברענט שייטערן. עס איז געווען ליכטיק און עטוואָס טומלדיק, עס איז געווען ענג פון אָנגעוואָרפענע בערג מיט אלטן אייזן און פון מענטשן-רעדלעך, פאנאנדערגעוואָרפענע איבער אַלע ווינקעלעך פונם גרויסן הויף.

די ניי-געקומענע האָט קיינער ניט געפרעגט, ווער זיי זיינען און פונוואַנען זיי קומען. דאָ האט קיינער קיינעם גאָרניט געפרעגט, ווייל יעדערער האָט געוווּסט וועגן יעדערן, ווי וועגן זיך אליין, צוליב וואָס ער איז אין אזא נאַכט געקומען אהער אפן אַרסענאַל-הויף.

דער זעצער יאָסל קארפ, האָט זיך געשטעלט אין די רייען פון אַ מאכנע, וועלכע איז שוין גרייט געווען ארויסצוגיין ארויס טויער. ער האָט זיך ארומגעקוקט, אין דער גאנצער מאכנע איז ניט געווען קיין איין באקאָנטער פּאָנים. פון די אלע, מיט וועלכע ער האָט איניינעם געלעבט און געארבעט, איז ער איצטער געווען דאָ דער איינציקער. און באַזונדערס נאָענט איז אים געוואָרן דער הויכער כאוועד, מיט וועלכן ער האָט ערשט היינט צום ערשטן מאָל זיך באגעגנט אין דער פינצטערניש אף דער הינטישער סטעזשקע. יענער האָט אויך פארנומען זיין אָרט אין דער זעלבער מאכנע, און ווען מע איז ארויסגעטראָטן פינם הויף אף דער גאַס, איז ער איבערגעלאָפן און זיך געשטעלט מיטן זעצער באנאנד.

— אָט זע, אונדזערע, אלע, ווי איינער.—האָט ער געזאָגט פריילעך—ניין, אונדזערע וועט שוין קיינער ניט אָפנארן.

די מאכנע האָט געשפּאַנט שווייגנדיק און געהאָרכזאם. אימיצער איז געגאנגען פאָרויס און שווייגנדיק געפירט. מע איז געגאנגען צוריק צו דער הינטישער סטעזשקע.

דאָ באם סאמע עכסטן ראַנד אירן, וואָס האָט זיך אראָפּגעהאנגען איבער די יאַרן און ראָוון, איז די מאכנע געבליבן שטיין. דעמאָלט האָבן אסאך מיט אמאָל דערפילט, אַז איצטער, אין דער שאָ — ווי צום ראנד, וואָס איבער דער טיף און פינצטערניש פון די ראָוון, — אזוי זיינען זיי אויך צוגעגאנגען און הארט זיך דערנעענטערט צו זייער גורל.

דער זעצער יאָסל קארפ, איז געווען אַ דאַר צוואנציק-יעריק באָכערל. נאכטיקע שטעכעדיקע פייכקייט האָט אים דורכגענומען און אים צעטרייסלט. און דער הויכער כאוועד זיינער האָט פלוצלונג דערהערט, ווי זיינע ציין צושיטן זיך אין אַ געמאָסטענער ביינערדיקער קלאפעריי.

ער האָט געזאָגט, דער הויכער, אַ שטויס געבנדיק אים מיטן עלנבויגן:

— דו האָב קיין מוירע ניט. עס וועט גאָרניט זיין אַכוץ טויט...

זיי זיינען געלעגן באַנאנד, איינגעגראָבן אין דעם ליימיקן ראנד, וואָס איבער די ראָוון. פון רעכטס און פון לינקס איז געווען אַ שורע אַנדערע כאַווירים—מענטשן ערשט היינט באַגעגנטע מיט פענימער, וועלכע מע האָט אין דער פינצטער ניט געקענט פאַנאנדערקוקן. און אַלע זיינען איצטער דאָ געלעגן מיט ברוסט קעגן פארטייעטער פינצטערער שטאָט—אַ לעבעדיקע וואַנט אַפן וועג צום ארסענאל.

אָט דא האט די נאכט אויסגעלאָדן איר אָנשטרענגונג מיט אַ האָגל פון ביקסן-שאָסן. מענטשן אַנדערע זיינען אין דערזעלבער נאכט נאָך געקומען פון דער זייט פון שטאָט, און שוין ניט איינציקווייז, נאָר גאַנצע מאַכנעסווייז געקלעטערט איבער דער הינטישער סטעזשקע. געווען זיינען דידאָזיקע מענטשן גוט באַוואָפנט מיט געווער און מיט אַנטשלאָסנקייט זיך דורכצולייגן אַ וועג. נאָר אין יענער נאכט האָט אַרוף, צום שפיץ פון דער הינטישער סטעזשקע ניט דערקלעטערט קיינער. הייסער אָטעם פון דער לעבעדיקער וואנט האָט זיי אָפגעוואָרפן צוריק און צושליידערט זיי איבער אַלע שטעגעלעך און ראוון.

בלויז אַ טאָג, אַ גרויער האָט לאנגזאם דורך אויסגעבלייכטן נעפל דערקלעטערט און זיך דערקליבן ביז צום סאַמע שפיץ. און דערדאָזיקער טאָג האָט אויך דאָרטן, אין דער לעבעדיקער וואַנט אַף דער הינטישער סטעזשקע, אַסאך שוין ניט געטראָפן...

און די האַלבּ פארשטאָרבענע שטאָט האָט דער טאָג ניט אופגעמונטערט. די גאַסן זיינען פאַרבליבן איימעדיקע און פוסטע און לעבן האָט געוויִמלט בלויז באַ די פילצאָליקע ברויט אָטשערעדן, ווייל מענטשן האָט דעמאָלט געטריבן אַרויסצוגיין אין גאַס נאָר אַנטשלאָסנקייט און גרייטקייט אַף שטארבן און נאָר אַ האָפענונג צו קריגן אַ שטיקל ברויט.

הייסער רייעך פֿון פֿריש-געבאַקענעם ברויט האָט אופֿגעזאַמלט באַ אַ פֿארהאַקטער טיר פֿון אַ בעקערײַ אַ לאנגע ריי מענטשן. הימל איז געווען אַזא גרויער און ניט זיכערער, ווי ער וואָלט צו יעדער רעגע געקאָנט אופֿפלאַצן און זיך צוקייקלען מיט פֿייער איבער די קעפּ. און די לאַנגע שורע מענטשן האָט זיך געקאָרטשעט. די לאַנגע שורע מענטשן האָט אין שרעק זיך געטוליעט אַהין, ווו עס איז נעענטער צו אַ וואַנט אָדער אַ טויער.

און נעבן דער מענטשן-ריי באַ אַ זייט גאס האָט געדריכערט אַ קליין קאלט שייטערל. אַ קינד איז לאנג געשטאנען אין דער ריי און איז פֿאַרפֿראָרן געוואָרן, און איז בלאָוו געוואָרן. דאָס קינד איז אָרויסגעלאָפֿן פֿון זיין אָרט אין דער ריי—אופֿצוזוכן אַף דער גאס עטלעכע שטריעלעך אַף צו דערהאלטן דעם שייטער. דאָס פֿארפֿרוירן קינד האָט געאָטעמט אין די פֿארגליווערטע הענטלעך און איז אונטערגעשפרונגען, קעדיי צו דערווארעמען די פֿאַרהילצערטע פיס. דאָס פֿארפֿרוירענע קינד האָט ניט געקאָנט זיך דערווארעמען באם קאלטן, קוים גליענדיקן שייטער און קינדערשער געדולד האָט ניט אויסגעהאַלטן. דאָס קינד האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געוויין.

עפּשער איז שטאַרקער און ביטערער פֿאַר אַלץ געווען אָט דער קינדערשער געוויין, ווייל די מענטשן פֿון דער ריי האָבן פלוצלונג פֿאַרגעסן, אַז דער הימל איז אַזאַ ניט זיכערער איבער די קעפּ.

די מענטשן האָבן מיט ראַכמאָנעס געזאָגט:

— ניט אַנדערש—אַ שטיף-מאַמע... אַן אייגענע מאַמע וואָלט ניט אַרויסגעשיקט אַ קינד אין אַזאַ אומגליק.

און פלוצלונג האָט אַ פֿריילעכער געלעכטער אויסגעבראָכן אין דער לאַנגער שורע מענטשן.

אַן אופֿגערעגט קינד האָט זיך אָנגעשטעלט קעגן דער אַלטיטשקער אין דער ריי. דאָס קינד האָט דורך טרערן געשריען:

— ביזט אַליין אַ שטיף-מאַמע... אַליין, אַליין...

דערנאָך איז דאָס קינד אויסגעשטאַנען זיין צייט אין דער ריי. דאָס קינד האָט מיט ביידע פֿאַרפֿרוירענע הענטלעך צוגעדריקט צו זיין ברוסט דאָס שטיק וואַרעם ברויט, וואָס איז אויסגעפֿאַלן אַף זיין כיילעק, און איז געלאָפֿן אַהיים.

און נאָך אַ טאָג איז געווען מיט געשלעגן און מיט ווימלענדיקע ברויט-אָטשערעדן. און נאָך אַ טאָג...

דאָס מיידל, וועלכע איז באַנאַכט געגאנגען זוכן דעם זעצער יאָסל קאַרפּ, איז מיט פֿריען פֿאַרטאָג ווידער ארויס אין גאַס און האָט אויך פֿאַרנומען אַן אָרט אין ברויט-אָטשערעד. זי איז איניינעם מיט אַלע געדולדיק געשטאַנען איר צייט אונטער אַ גרויען הימל, וואָס איז צו יעדער רעגע גרייט געווען אופֿצופלאַצן, און איניינעם מיט אַלע האָט זי באַדויערט דאָס זיבניאָריקע ייִנגל, וואָס האָט אַ פֿאַרפֿרוירענער געוואַרט אין דער ריי אַף זיין כיילעק ברויט.

און נאָך אַ טאָג איז געווען מיט געשלעגן און מיט ווימלענדיקע ברויט-אָטשערעדן. און נאָך אַ טאָג...

דערנאָכדעם איז הימל איבער שטאָט געוואָרן רויִקער און פֿון גאַסן איז אַוועק די איימע. אינם גרויסן ווינטערדיק-הוילן גאָרטן, וואָס אַף דער לאַנגער ראַכוועסדיקער גאַס, האָבן אינמיטן טאָג געברענט גרויסע שייטערן—אַף צעוואַרעמען און ווייך צו מאַכן די ערד פֿאַר אַ גרויסן ברודער-קייווער.

אינדערפֿרי איז אויסגעפֿאַלן אַ גרינג זויבער שניילע און האָט ליכטיקער און ווייסער געמאַכט דעם טאָג. דאס מיידל איז געגאַנגען זוכן צווישן די טויטע קערפּערס דעם זעצער יאָסל קאַרפּ. אין דער פֿינצטערער יאַנוואר-נאַכט פֿון אַכצנטן יאָר—אַסאך זיינען אַרויף צו די הויִקערדיקע פעטשערסקער הויכן, צום אָנגעשטרענגט-אַנטשוויגענעם אַרסענאַל—אריף דורך דער הינטישער סטעזשקע, קעדיי אין עטלעכע טעג אַרום צוריק שוין ניט אַראָפּ, נאָר אראפּגעטראגן ווערן, אין פילצאליקע רויטע אַרוינעס, דורך דער ראַכוועסדיקער גאַס, וועלכע האָט דעמאָלט צום ערשטן מאָל באַקומען איר נאָמען: אקטיאבר-גאַס.

דער זעצער יאָסל קארפּ איז געלעגן אין אַן ענגער שורע אַרוינעס. זיין פּאָנים איז געווען ביינערדיק פֿאַרשאַרפֿט און אַ פֿאַרגליווערט אויג מיט אַ זילבערדיק-פֿאַרפֿרוירענער ברעם האָט אויסגעוויזן צו ברייט און אָנגעשטרענגט צעעפֿנט פֿאַר באַטאָגיקער ליכטיקייט.

יענער, דער הויכער, וואָס האָט אין דער פֿינצטערער נאַכט זיך געטראָפֿן מיטן ייִדישן זעצער אַף דער הינטישער סטעזשקע—ער איז גאַנץ געבליבן. ער איז איצטער איניינעם מיט כאַווירים דאָ אַרומגעגאַנגען צווישן שורעס אַרוינעס. זיין ביקס איז באַ אים אַראָפּגעהאנגען אַף א שטריקל פֿונם אַקסל.

כאַווירים האָבן זיך דורכגערעט וועגן כאַווירים, וועלכע זיינען געפֿאַלן. כאַווירים האָבן דערמאָנט טעג אין גרויסער העפֿקערדיקער דרייסטקייט און רעגעס, ווען האַרץ האָט זיך צונויפֿגעדריקט אין וואָרגנדיקער מוירע.

דער הויכער האָט אַ קוק געטאָן אַפֿן ברייט-צעעפֿנטן טויטן אויג פֿונם זעצער יאָסל קאַרפּ. דער הויכער האָט פֿאַרטראַכט געזאָגט:

— נו, מוירע... מוירע דאָס איז גאָרניט. מוירע האָט יעדערער. אָט דו פּרווו און גיב זיך ניט אונטער דער שרעק... אָט דאָס איז אַ זאַך. דאָס קאָן ניט יעדערער...

און האָט ווי אומגערן אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צום אָרן פֿונם זעצער יאָסל קאַרפּ.

— אָט דאָס איז געווען אַ פֿריינט... עך, דאָס האַרץ טוט וויי.

ש. גאָדינער.

# די געשיכטע פֿונם יונג לעווין.

(ס אָ ף).

.5

ווי א טיפֿער אָפגרונט—דעם מענטשנס אויג. ווי דאָס פֿליען אין אָפגרונט אַריין—דעם מענטשנס בליק צום צווייטן אין אויג.

דער מענטש האָט הייס און פֿלייסיק בלוט און האָט שטענדיק ליב א שפּיל טאָן זיך מיטן צווייטן מענטשן, ווי מיט פֿייער.

וואַנקע בערעגיכאַטקע איז געשטאַנען אַנטקעגן יונג מיט אַזאַ מין „נו?״ אַף די ליפּן און מיט אַזאַ אויסדרוק אַפֿן פּאָנים, ווי ער וואָלט אַ געהיימניספֿולע וועלט פֿאַרן יונג צוגעגרייט און דער יונג קאָן זי לייכט פֿאַרלירן, אויב ער וועט נאָר אָפּזאָגן זיך פֿון גיין מיט אים אף א פאר ביר.

באם יונג איז אין האַרצן איינגעפֿאַלן, ווייל ס'איז אים אומגעווינטלעך פֿאַרמיעסט געוואָרן צו שטיין דאָ אַף די שטיינער און רופֿן פֿאַרשמיסענע און באוואַקסענע מאָרדעס און פֿאַרביילאזן פֿאַרביי זיך דאָס פֿליסיקע לעבן, ווי מע לאזט פֿאַרביי א דורכלויפֿנדיקן צוג אין דער געגארט-אומבאקאַנטער ווייט אַריין און בלייבן שטענדיק אליין, ווי אַן איבערגעלאָזענער און פֿאַרגעסענער, און דער יונג לעווין האָט אים דעריבער אין פּאָנים אַריינגעשריען:

— וואָס— „נו?״, דו ווילסט א פּאָר ביר? איך שטעל א פּאָר ביר... זשליאקע!.. וואָס-זשע דען האסטו געמיינט?...

און באַ דער ערשטער פּאָר ביר האט אים וואַנקע דערציילט, אַז ער ווייסט, אַז דער יונג איז א ייד און אַז אַזעלכע יידן קומען צולויפֿן קיין מאָסקווע, מאַכט נאָך ניט אויס, ווייל דער יונג איז אַן אַרבעטער-יונג, א האָרעפּאַשנער עלעמענט, ווי ער, און ס'איז קיין שום כילעק ניטאָ צווישן אים, וואַנקען דעם שאָפער, און אים, יאַשען דעם שערער. קיי-יי-ן שום כילעק—האָט וואַנקע אויסגעצויגן דעם יונג אין פּאָנים אַריין,—אָבער... דידאָזיקע... די נעפּלייט—ווי קראָען אף נעוויילע זיינען זיי דא אהער געקומען צולויפֿן, און...

— ע—ע—עך! — האָט וואַנקע אָפּגעזיפצט,—אין א זומפּ איז זי פֿאַרקראָכן, די טייערע רעוואָלוציע אונדזערע... אָט ווּהין!...

און באַ דער צווייטער פּאָר ביר האָט ער אים דערציילט, ווי אזוי די רעוואָלוציע איז אין אַ זומפּ פֿאַרקראָכן און ער, וואַנקע, מוז זי נאָכקריכן, ווייל אַן אַרבעטער איז ער, און די רעוואָלוציע—ווי אַן אויפּעלע איז זי, וועסטו זי אליין לאָזן, אָן אַן אויג אַף איר,—וועלן זי כאַזיירים אופּרעסן...

און באַ דער דריטער פּאָר ביר איז וואַנקע אין קוראַזש אַריין, האָט אין טישל מיטן ביינערדיקן שוואַרצן פֿויסט אַ זעץ געטאָן, מיטן יונג זיך צעקושט און מיט שיקערן ווייטיק אין די אויגן דעם יונג אין פּאָנים ווערטער צעווייקטע אין ביר-דאַמף אַרויסגעשפּריצט:

— ע-ע-ך! אויסווורפן! פֿאַרפאסקודיעט האבן זיי די רעוואָלוציע אונדזערע!.. פּאַר א מייל טראָגט איצט פֿון איר!.. באַמאַכט האט זי זיך!.. אָט וואָס, טייערער כאַווער מיינער!..

דערנאָך האט ער זיך מיטן קאָפּ צעשאָקלט, ווי ער וואָלט עפּעס באדויערט, ווי אים וואָלט ניט גוט געוועןָ שטומע הילצערנע בליקן אפֿן יונג געוואָרפן און מיט סינע אין מיטן דערינען זיך דערמאָנט:

— דו—זאָג מיר... זשיד... דעם עמעס... רעליגיע—דאָס איז אַ דורמאן פֿאַרן פֿאָלק... יאָ-אָ!.. ריכטיק!.. אַ דורמאַן... נו, און דו?... דיין זשידישע רעליגיע?... דיין דורמאַן?... ווי?... דו האָסט זי אַוועקגעוואָרפן?... אָדער ווי?...

ס'איז אין ביר-הויז אַ געדיכטער טאַבעק-רויך געהאַנגען און שווערע ביר-אויסדאַמפונגען האָבן זיך צווישן די באַרוישטע קעפּ געקנוילט, און צום טישל, וווּ די צוויי יונגען זיינען געזעסן, האָט זיך א לייכט מיידעלע אין דורכזיכטיקן אָנטועכץ צוגעשאַרט.

דאָס מיידעלע האָט וואַנקען מיט אַ מענערישן פארמעסט איבער די פּלייצע אַ פּאַטש געטאָן, פֿון הינטן אַרום מיט די נאַקעטע הענט וואַנקעס קאָפּ אַרומגעכאַפּט, מיט די הויפּן די אויגן אים פֿאַרשטעלט און צום יונג לעווין געוווּנקען, ווי צו אַן אַלטן באַקאַנטן און געשמייכלט מיט די שאַרף-געפֿאַרבטע ליפּן, ווי מיט שטיקער פּריש-געשניטן רויען פֿלייש, און דער יונג לעווין האָט זיך פּלוצלונג דערמאָנט אָן דעם איבלדיק-זיסלעכן גערוך פֿון פּרויען לייב.

דער יונג לעווין איז פֿון אויסגעטרונקענעם ביר אַביסל באַרוישט געווען, און פֿון יונגקייט און קליינשטעטלדיקייט גאָר וויייניק געניט געווען אין די שטאָטישע יונגע מיידעלעך, וואָס זעען אלע אויס פּרעכע און אָפענע; ווי מיט גוואַלט-אופגעריסענע און פֿאַרשטויבטע בלומען-קנאספּען. דער יונג לעווין איז דעריבער פֿון שטול אופֿגעשפּרונגען און אָנגעכאַפּט דאָס מיידל אונטער די אָרעמס און פֿאַרשטאָכן זיך די פֿינגער מיט די שאַרפֿע, געגאָלטע האָר-בערשטעלעך דאָרטן. דאָס מיידל האט אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ אירן, פֿון וואַנקעס אויגן די הויפּנס אַראָפּגענומען און דעם יונג מיט שפּיציק-נעגלדיקע שאַרפֿע פֿינגער בא ביידע באקן אָנגענומען. דעם יונג האָט אין נאָז א שלאָג געטאָן אַ שאַרפֿער ביליקער לאַנדרין-רויעך פֿון נעגל-לאַק, און אין די אויגן—דער נאסער פוילער פלאָם פֿון אויסגעמאַטערטע מיידלשע אויגן, ווי בא א פֿאַרמאַטערטער און הונגעריקער קליאַטשע, און וואַנקע בערעגיכאַטקע איז מיטאַמאָל אופגעלעבט געוואָרן און אפן געזעס אונטערגעשפּרונגען, ווי פֿון אַ שפּילקע-שטאָך:

— אַ אַ! ניִנקע! שרויף-קאָרעקל! צייגל אויסגעשמירטע! געקומען צו מעלדן זיך! טראָג זיך אָפּ מיט די פּוילע ביינער! דער פּראָלעטאַריאַט מיט דער רעוואָלוציע פֿאַרבּרענגען דאָ!..

דאָס מיידל האָט דעם יונגס באַקן אָפּגעלאָזט און אַף אַ שטול זיך אַניִדערגעזעצט.

— זיק, וואַניע!.. איך — בין מעכאַבּעד. און — ניט צו דיר בין איך געקומען...

דאָס מיידל האָט פֿון איר לאַקירטן, ברייטן רידיקול אַ פּאַפּיראָס אַרויסגענומען, טיף און דורשטיק זיך פֿאַרצויגן, און די בלויע אָדערלעך אַף איר נאַקעטן האַלדז האָבּן זיך אָנגעבּלאָזן און געשוואָלן געוואָרן און זי האָט שטיפֿעריש-באַפֿוילנד צום קעלנער אונטערגעשמייכלט:

— אַ ווייס וואַסערל אין אַ שוואַרץ פֿלעשל... די ציין אויסצושווענקען!..

דער קעלנער איז אַוועק און דאָס מיידל האָט זיך צום יונג צוגערוקט, דעם רויך אין פּאָנים אים אַריינגעבּלאָזן, און מיט דער ליִנקער האַנט דאָס קליידל ווייט איבּער די קני פֿאַריסן און די גרינע זאָקן-בּענדלעך אַף די שוואַרצע זיידענע זאָקן פֿאַריכט, דערנאָך האָט זי זיך פֿונם יונג אָפּגערוקט און וואַנקען אין די אויגן אַריינגעקוקט מענטשיש און געשעפּטלעך:

— וואַניא, דו ווילסט אַרבּעט?

זי האָט דעם פּאַפּיראָס נאָך אַ מאָל טיף פֿאַרצויגן, און איידער זי האָט נאָך דעם רויך פֿון מויל אַרויסגעלאָזט, האָט זי שוין דאָס קערטל אַף דער ערד אַ שמיץ געטאָן און אָפּגעטעמט טיף און מיט אַ זיפֿץ:

— וואַניאַ, דו ווילסט אַרבּעט, אָדער דו ווילסט וואַרטן ביז מע וועט דיך פֿאַר אַ קאָמיסאַר אַניִדערזעצן?..

זי האָט געהאַט אַ הייזעריקלעכע שטים, ווי די האַלדזאָדערן וואָלטן באַ איר געפּלאַצטע און פֿאַרפֿוילטע געווען. זי האָט געהאַט אַ פּאָר גרויסע, שוואַרצע אויגן, אַרויסגעקוילערטע און פּרעך-גלאַנצנדיקע, ווי אַ פּאָר בּליִשטשענדיקע קוילן, געקויפּט ערגעץ אין אַ גאַלאַנטעריי-קראָם, און זי האָט זיך פּלוצליִנג צום יונג אַף אַן עכטן און ריינעם ייִדיש געווענדט:

— אָט, אַ היִלצערנער יאָלד, אַ פּאָניע קוואַס!..

דער יונג איז פֿון זיין געזעס אופֿגעשפּרונגען און מיט דערשראָקענע אויגן אַפּן שאַפֿער זיך אָנגעשטעלט.

— וואַניאַ!..

דער קעלנער האָט אונטערן שמוציק-ווייסן פֿאַרטעך אַ שוואַרץ פֿלעשל מוט אַ ווייס וואַסערל געבּראַכט צוטראָגן. און דאָס מיידל האָט דריי גלעזער אָנגעגאָסן און די ערשטע גלאָז אויסגעטרונקען און די אויגן האָבּן באַ איר אופֿגעפֿלאַמט מיט אַ בּלוי פֿייערל, ווי בּענזין אַף נאַסע קוילן און זי האָט מיט צוויי דינע פֿינגער ווידער דעם יונג פֿאַר אַ באַק אָנגענומען.

—וואַניא, ווער איז דאָסדאָזיקע עפּעלע?

דאָס מיידל האָט געטרונקען און וואַניע האָט געטרונקען און פֿון דער גריִנער עסטראַדע אַראָפּ האָבּן גרילצנדיקע טענער פֿון האַרמאָשקעס זיך געטראָגן און הייזעריקע אויסגעשריִען פֿון אונטערגעריסענע בּייכער און נאַסע קלעפּ פֿון פֿאַר-שוויצטע הויפֿנס פֿון טענצער און טענצערנס, וואָס האָבּן זיך איִבּער די טאַרסן און לענדן געפּאַטשט, וואָס האָבּן די פּיס אינדערהויך געוואָרפֿן און דעם יונג האָבּן שיידים די שלייפֿן מיט טעמפּע פּיילעכלעך געפּיילט, און ער איז געזעסן און געטראַכט, ווי גריִנג ס׳איז געווען צו אַנטלויפֿן פֿון מאַריִנקען, וואָס האָט אַף אים ווי דער טויט געדריִקט, ווי לייכט ס׳איז געווען צו אַנטלויפֿן פֿונם דאָקטער, וואָס האט זיך מיט די נעגל אין לייב איִם איינגעביסן, און ווי שווער ס׳איז אַוועקצוגיין פֿון אָט דעם מיידל, וואָס האָט אַזוי הויך דאָס קליידל פֿאַריסן און געוויזן די פּולע ווייסע פּיס איבּער די שוואַרצע זאָקן, און דאָס מיידל האָט געכריִפּעט און שיִקער-הייזעריִק געלאַכט:

וואַניאַ, וואַניושאַ!.. ווילסט אַ געשעפֿט?.. פֿאַרשטעק אין א לאָך די גאַנצע רעוואָלוציע דיינע... איִך האָב א פֿאַרמאַכטן פֿאָרדיִק געקויפֿט... אַ מאַשין... אַ פּרימוסל... אַ ליִבּע-קאַרעטקעלע... דו וועסט פֿאָרלעך אַרומפֿירן און אַ גילדערנעם גאַנג ציין אין דיין צעפּוילטן מויל אַריינשטעלן... יאַשע! — האָט זי אויסגעשריען און דעם יונג מיט איִרע קאַלטע הענט אנגעכאַפּט. — מיִך זעסטו? איך געפֿעל דיִר? אַנו, פּרווו, זוך באַטאָג מיט די אויגן אין די הענט. וועסטו אַזאַ שטיק ווייב ניט געפֿינען... דו מיינסט איך האָב זיך אָפּגעניצט, וואָס?... אַ קרענק האָבּן זיי באַ מיר געהאַט... און דער פֿאָרדיק שטייט שוין באַ מיר אין גאַראַזש. כעוורע לאַפּ! — האָט זי ווידער אַף ייִדיש אויסגעשריִען און באַלד צוריק אַף רוסיש אַריבּער — מיִרן אין דרייען געשעפֿט מאַכן... אַפֿן פֿאָרדיק... אַ קאַבּינעטל אַף רעדלעך... און יאַשע מיט מיִר...

און קוילן רויך האָבּן זיך איבּער זייערע קעפּ געוויִקלט, און ביר-אויסדאַמפֿונגען האָבּן זיך צו דער סטעליע געהויבּן און דאָס מיידל האָט זיך פֿון איר אָרט אופֿגעריִסן און גיִך, און אַיילנדיק אין יונג אַריינגעשריִען, און אין אַלגעמיינעם געטומל האבן איִרע שיִקערע און אָפּגעריסענע ווערטער געהילכט, ווי דער הייזעריקער הוסטן פֿון אַ צויג, וואָס וואַרגט זיך מיט אַ ביין, און זי האָט מיטאַמאָל די אויגן איִרע צו דער עסטראַדע אַרופֿגעריסן

— שפּילט, קלעזמער! אַ ייִדישע כאַסענע שפּילט!.. שפּילט!..

און די געסט האָבּן געלאַכט, און דער זאַל האָט געהילכט, און די קלעזמער האָבּן הילכיִקער און ראַשער געשפּילט און ניִדעריִקער די פֿאַרשוויצטע קעפּ זייערע איינזייטיִק, מיט איין אויער צו די האַרמאָשקעס געבויגן, און דער יונג האָט זיך פֿון ביִרשענק אַרויסגעגליטשט און ניט געוואָרן, און געבליִבּן שטיין אַפֿן גאַס אין פֿינצטערן שאָטן צוויִשן די ווענט, און דאָס מיידל האָט זיך אומגעקוקט און אַפֿן גאַס אַרויסגעלאָפֿן און געוואָרפֿן זיך רעכטס און געוואָרפֿן זיך ליִנקס, און דעם יונג געפּאַקט און אים באַ אַן אַרבל אָנגענומען:

— א! — א! כוליגאַן! מיין רונג! מיין רונג גיב אַוועק!

דער יונג איז ווי אַ היִלצערנער געשטאַנען און דאָס מיידל האָט אים דאָס גאָלדן פֿינגערל מיטן גרינעם שטיין פֿון פֿינגער אַראָפּגעריסן, און איינער אַ פֿאַרשוין אין בלויע בּרילן און אַ האַרטן הוט, אַראָפּגערוקטן אַף דער נאָז, אַ ניט געגאָלטער און פֿאַמעלעכער איז צו דעם מיידל צוגעגאַנגען, מיט אַ זייטיקן קוק

אין די אַרויסגעהאַנגענע אויגן אירע אַריינגעקוקט און איז אַוועק מיט איר אין דער זומערדיקער נאַכט אַריין.

און וואַנקע בערעגיכאַטקע איז אין ביר-שענק געזעסן, דעם קאָפּ אַפּן פויסט פאַרלאָרן, און, אַז דער קעלנער האָט אים אויפגעוועקט און גראַציעז און לייכט פאַר דער טיר אַרויסגעשטעלט, ווי מע פירט אַ דאַמע אַרויס, האָט ער מיט די פאַרשוואָמענע אויגן אין דער שטאָטישער נאַכט זיך פאַרקוקט און קיינעם ניט געפונען און פאַרלאָרן דעם קאָפּ אַף דער ברוסט, און מיט פאַרמאַכטע אויגן זיך אליין אונטער דער נאָז אונטערגעברומט:

— אַוועק... אַ ליכטיקן גאַניידן...

און אויך אַוועק, וואַקלענדיק און שווער, ווי אַן אָנגעלאָדענע און דורגעלעכערטע שיף.

6.

...— וואַניאַ!... דו שלעפסט גאָר זאַמד פאַר „מ.ק.ב.״? און איך האָב געמיינט... טאָ ווער זשע פירט די פאָרלעך אַרום אין דעם פאָרדיק אין יענעם?...

דער יונג לעווין האָט איבער די מאָסקווער גאַסן אַלע זייַנע קנאַפּע יידישע מידעס צעווייט און פאַרלאָרן, ווי דער ווינט ווייט אויס דעם שטויב פון דער אָפּגעדראָשענער טוווע, יאָבער ווי דער ווינט קאָן ניט אויפהייבן די שווערע קערנער און צעשטויבן זיי און צעטראָגן אַף אומפּריכטבאַרן אומקום,—אַזוי האָבן די מאָסקווער גאַסן ניט געקאָנט אויפרייסן באַם יונג זיינע אַלט-יידישע אָדערן, פאַרשטאַרקטע אַף די אוקראַינער פעלדער אין שוועורער האָרעפּאַשנער ערד-מי, און באַם יונג האָט דאָס בלוט זיך געשטעלט, ווי עס שטעלט זיך פון דער צייט די שטאַרקייט פון אַ גוטן וויין, און באַם יונג האָט זיך דער פאַרלאַנג זיינער אויסגעקלאָרט און רייף געוואָרן, ווי עס וואַקסט אויס און ווערט רייף אַ פרוכט אַף אַ בוים, און דער יונג האָט זיין „שטעל״ אַף די שטיינער נעבן קאַזאַנער וואָקזאַל געוואָרפן און איז אַוועק אין דער ביוראָ פאַר ארבעטלאָזע און זיך געמאָלדן.

דעם יונג האָט מען אין ביוראָ קורץ באַגעגנט:

— אַ פויער-יונג? פון דאָרף? זוכט אַרבעט? ס'איז באַוווּסט—אין די צענדליקער טויזנטער קומט איר איצט ווידער פון דאָרף אין שטאָט אַריין, האָט דאָס מיידל אויסגערופן און פאַרשריבן די פאַמיליע זיינע און צוגעזאָגט, אַז עס וועט אַרבעט זיין, וועט מען אים געבן—זאָל ער זיך מעלדן, עפּשער שטיינער פון די ברוקן וועט ער רייסן, עפּשער עפּעס אַנדערש וועט ער טאָן.

און דער יונג איז אַלע טאָג צו דער ביוראָ, ווי צו אַ וואַרעמער היים געגאַנגען און אין אַ מיטן זומערדיקן פרימאָרגן אַ פאַפיר באַקומען און אַרבעט געקראָגן און געאַרבעט מיט לוסט און פלייסיק, ווי ער וואָלט אין גאַניידן אַריינגעפאַלן.

דערנאָך איז פריער האַרבסט פון קיילעכדיקן 1923 יאָר אָנגעקומען, און די ברוקן אַף די מאָסקווער גאַסן זיינען אויפגעטרענטע געלעגן, ווי אַלטע בעגאָדים אַפּן שניידער-טיש, און מענטשן מיט אַרונטערגעבויגענע קניִען האָבן דאָרטן שטיין צו שטיין געלייגט און מיטן האַמער צוגעקלאַפּט און דער יונג לעווין איז אָן אַ זייט באַ אַן אייזערנער זיפּ געשטאַנען און געזיפּט אָפּפאַל פון צעשאָסענע און צעשאָטענע הייזער, געזיפּט אַזאַ מין זאַמד-מעל פון צעריבענע שטיינער אַף פאַרשיטן און פאַרגלעטן דעם פריש אויסגעלייגטן ברוק.

דער יונג לעווין האָט אָן וואַנקע בערעגיכאַטקע פאַרגעסן, ווי מען פאַרגעסט אָן אַ געוועזענעם פריינט, וואָס איז איבערן יאַם אַוועק און דו ווייסט ניט, צי ער איז צו אַ ברעג געקומען, אָדער די וואַסערן האָבן אים אַף אייביק פאַרשלונגען. און דער יונג האָט די מענטשן-מענגע, די ברוקערס, געזיפּט דורך די אויגן, ווי דעם צוריבענעם שטיין אַף דער אייזערנער זיפּ און ניט געפונען מער פאַר זיך קיין כאַווער און קיין פריינט, ביז איינער אַ גאָלד-טונקלער האַרבסט-פאַרנאַכט איז אָנגעקומען און דעם יונגס אַרבעט האָט זיך אויסגעלאָזט, און דער יונג האָט באַקומען אַ צווייטע אַרבעט—געלן, נאַסן, שווערן זאַמד,—אַלץ פאַר די געלאַטעטע ברוקן צונויפצושאַרן.

דער יונג איז אין דעמדאָזיקן פאַרנאַכט נעבן געוועזענעם ענגלישן קלוב, אַף טווערסקאַיאַ גאַס, געשטאַנען מיט דער לאָפּעטע אין האַנט און געוואַרט אַפּן אָנקומען פון אַ לאַסט-אַווטאָ מיט זאַמד געלאָדן. דער יונג האָט אין דעמדאָזיקן פאַרנאַכט זיך פאַרקוקט אַף דער פאַרגייענדיקער הינטערן באַלטישן וואָקזאַל מאָסקווער זון. און אַ לאַסט-אַווטאָ האָט הייזעריק געגראַגערט און געוואַרט מע זאָל אים אַ וועג מאַכן, און דער יונג האָט עס ניט געהערט און געשטאַנען אַף זיין אָרט אַ פאַרגאַפטער, ביז דער שאָפער האָט זיך פון זיין געזעס ניט אויפגעהויבן און אַרויסגערוקט דעם נאַקעטן און צעשויבערט-פאַרשוויצטן קאָפּ זיינעם פון אַווטאָפענצטערל אַרויס און געשריגן מיט אַ מעטורעפן קאָל:

— די גלאַצערס זיינען דיר אַרויסגעקראָכן, הינטישער זון דו, צי וואָס?...

דער יונג לעווין האָט זיך דאַן אַף זיין אָרט אַ דריי געטאָן, ווי אַ שרויף אַף זיין שפיץ און די אויגן אויסגעשטעלט. דער יונג האָט ניט אַלץ מיטאַמאָל באַנומען: דער צעשויבערטער פאַרשוויצטער קאָפּ באַם שאָפער איז געווען צעפריִעט און רויט, ווי אַ נאָר וואָס אָפּגעבריִט שטיק פלייש, פון די אויגן האָבן שפּיזלעך זיך אַרויסגערוקט אַף דורכשטעכן דעם, וואָס האָט זיך אין וועג אים געשטעלט, און אַז דער שאָפער האָט דערזען דעם פּאָנים פון דעם, וואָס האָט אים דעם וועג פאַרשטעלט, זיינען אים די אויגן אויפגעלויכטן און ער האָט זיך פונדאָסניי צעשריִען:

— יאַשאַ! הינטישער זון דו!.. איך האָב דאָך דיך אַרומגעזוכט, ווי אַ גראָשן אין אַ לעכערדיקער קעשענע!..

איך האָב דאָך שוין לאַנג אַ ליכטל נאָך דיך געוואָלט שטעלן... אַהאַ!—האָט דער שאָפער, וואַנקע בערעגיכאַטקע, אויסגעשריִען,— איך האָב דיך געפאַקט! דו וועסט שוין איצטער פון מיינע הענט ניט אַוועק!

וואַנקע איז פון זיין שאָפער-געזעס אַראָפּגעשפרונגען, די גרויסע לעדערנע הענטשיקעס פון האַנט אַראָפּגעשלעפט און מיט ברייטן פאַרמעסט דעם יונג אין דער פּלייצע אַ זעץ געטאָן:

— יאַשאַ! איך בין דאָך דיר שולדיק אַ פּאָר ביר, טו אָפּ די אַרבעט דיינע גיכער. לאָד אויס, ווי באַלד דו ביזט אַן ערלעכער פּראָלעטאַריער, מירן היינט ביר טרינקען!

רער יונג איז געשטאנען און אף וואנקען געקוקט, ווי מען קוקט אף אַ גליקלעך פארליבטן כאַווער—מיט קינע און פרייד— און אַרויסגערעט ווי א גלייכער, ווי אַ כאווער אן אלטער:

— וואַניאַ! דו שלעפסט גאָר זאַמד פאַר „מ. ק. כ.”? טאָ ווער זשע פירט די פאָרלעך אין יענעם פאָרדיק ארום?..

— צו אלדי שוואַרצע יאָר זי מיט די פאָרלעך אירע צוזאַמען! יאַשאַ! דו בענקסט נאָך איר, וואָס, יאַשאַ? איך האב דאָך געמיינט דו ביסט אומגעקומען מיט איר, זי טראָגט דאָך א פולן מויל מיט פראַנצן... וואָס זשע דען האָסטו געמיינט?.. און דו האָסט די אויגן געגלאָצט און אופעסן זי געוואָלט, האב איך געמיינט דו ביסט אַוועק מיט איר און געוואָלט אַ ליכטל נאָך דיר שטעלן...

— וואַניאַ! דאָס מיידל האב איך דאָך פריער נאָך, לאנג שוין, איידער איך בין נאָך אין מאָסקווע געקומען, געזען ערגעץ... דו ווייסט... דו ווייסט ווו זי האט די פראַנצן געפאַקט? דו ווייסט?...

דער יונג איז מיטאַמאָל בלייך געוואָרן און די נאָז האט זיך בא אים פאַרשניצט און שארף און בלאָ—דורכזיכטיק געוואָרן, ווי בא אַ מעס און ער האט וואַנקען פאַר דער צעכראסטעטער העמד אָנגעכאַפּט און אין ווילדער אופרעגונג געטרייסלט:

— פעטליורעס פראַנצן...

דער יונג האָט בייז דאָס לעצטע וואָרט איבער דער גאַנצער גאַס אויסגעשריען און פון וואַנקען זיך אָפּגעדרייט, און פלינק די זייטיקע לייסט פונם לאסט-אַווטאָ אָפּגעוואָרפן, אפן פולן קאַסטן זאמד אַרופגעשפרונגען, מיט דער לאפעטע הויך זיך צופאָכט און צושריען:

— אַהער, כעוורע! דעם זאמד אויסלאדן! אַהע—ר...

נאָר באם יונג האָט זיך די שטים מיטאַמאָל אָפּגעריסן און געפלאַצט, ווי א דינער, צו שטאַרק אָנגעצויגענער פאָדים, און דער יונג איז פאַרגליווערט געבליבן מיט דער אופגעהויבענער לאָפעטע אין האַנט, און דער יונג האָט פריער די ווייסע געדיכטע ציינדלעך זיינע באוויזן, דערנאָך פאַמעלעך פון אַווטאָ אַראָפּ און וואַנקען באַ אַ לאץ אָנגענומען:

— וואַניא! ...אָן! דו זעסט?... צו דער ריכטיקער מינוט... הו—ו—ר!...

דער יונג האָט זיך פון שאָפער אויסגעדרייט און מיט דער אופגעהויבענער לאָפעטע צום טראָטואַר צו אוועק, און וואַנקע האָט די מאַשין געוואָרפן און איז אים נאָכגעגאַנגען און באַמערקט ווי דאָס מיידל מיט די ארויסגעהאַנגענע אויגן שטייט אפן טראָטואַר און ווינקט צום יונג.

דאָס מיידל איז געשטאַנען אפן טראָטואַר מיט איין האנט אַ זייט אונטערגעשפּאַרט און דעם קאפ עטוואָס ארופגעריסן, און די ארויסגעהאנגענע אויגן אירע האָבן אפן יונג געבליצט און געריסן זיך אין דער הויך—אָזיש און אויסגעלאסן—פאַרגלאָצט צום הימל,—און די דיקע געשוואָלענע ליניע פון איר קורצן דיקן פוס האָט זיך אונטער דעם לייכטן, שפעט זומערדיקן קליידל, אין לאַקירטן טופלע אפן קנאַפל געדרייט.

דער יונג לעווין האָט זיך צו איר מיט אן אופגעהויבענער לאָפעטע גערוקט און וואנקע איז אַ מעוולוועלער אים נאָכגעגאַנגען פון הינטן און געהיט אים די הענט, ווי מ'היט דעם טויט אַף דעם שפיץ נאָז פון אַ גויסעס.

דאָס מיידל האָט זיך אַ באַוועג געטאָן, אויסגעגלייכט זיך, און אַוועק די צוויי יונגען אַנטקעגן. דער יונג לעווין האָט זיין טראָט ניט געקענט איינהאַלטן,—ווי פון א קלאפ—אזוי האָט ער זיך צונויפגעהויקערט און דעם קאָפּ אין די פלייצעס פאַרוקט און פלינק געלאָפן מיט אַן אופגעהויבענער לאָפעטע אין דער רעכטער האַנט און מיט אַ מוזן-אויסדריק אפן פאָנים, א שאַרפן און פאַרשניצטן, אַ מעשוגענעם אויסדרוק אַפן צוקרימטן פאָנים, ווי ער וואָלט סאָם איינגענומען, און וואַנקע איז אים דעם וועג פאַרלאָפן און געשטעלט זיך צווישן זיי.

— יאַשאַ! אויסוואַרף! דו האָסט דאָך דיין שעדישע רעליגיע אַוועקגעוואָרפן... אַ דורמאַן פאַרן פאָלק איז עס דאָך... יאַשאַ! לאָז זי אָפּ... זי וועט אליין איר פגירע הינטער אַ פלויט באקומען. יאַשאַ!—האָט וואַנקע אויסגעצויגן,—דו וועסט כאַפן אַ קנאַק, אז דו וועסט די ביינדעלעך אפן טראָטואַר איינציקווייז צונייפקלייבן... יאַשאַ, דו ביסט דערוף דען קיין מאָסקווע געקומען, נו?...

דערנאָך האָט וואַנקע בערעגיכאטקע צו צוויי פינגער פון יעדער האַנט אין מויל אַריינגעשטופּט און אַ הילכיקן פייף איבער דער גאַנצער טווערסקאַיאַ גאַס אַרויסגעלאָזט, און אָפן פייף, ווי אַף אַ שאלנדיקן רוף איז אַ מיליציאָנער אין אַ גרינער היטל פאַמעלעך און געזעצט אָנגעקומען און רויק אין מענטשן-רעדל אַ ווילע געבליבן שטיין, ווי ער וואָלט בלויז אַ זייטיקער צושויער געווען, ווי פון נייגיר בלויז וואָלט ער אַהער געקומען, און רויק דאָס מיידל פאַר אן אַרבל אָנגענומען און די יונגען מיט אַ פינגער פאָרויס געוויזן, ווי ער וואָלט זיי אן אומבאַקאַנטן וועג געוויזן, און דער יונג האָט ניט געוואָלט גיין, און וואַנקע בערעגיכאטקע האָט אפן מיליציאָנער זיך געוואָרפן, ווי אַ באלעבאָס וואַרפט זיך אַף זיין שלימאַזלדיקן מעשאָרעס.

דאָס מיידל האָט הילכיק און פוסט איבער דער טווערסקאַיאַ גאַס געלאַכט און דער געלעכטער אירער האָט זיך אָן די פאַרזאַמלטע אָנגעשטויסן, און די פאַרזאַמלטע האָבן זיך פון איר געלעכטער, ווי פון בלאָטע-שפריצן געזייטיקט און דער יונג לעווין האָט הויך אַף אַ קאָל, ווי אַ רעדנער אויסגעשריען:

— זי האָט פעטליורעס סכוירע קיין מאָסקווע געבראַכט, פראַנצן האָט זי צו פאַרקויפן!... שעדישע הור!...

און דער מיליציאָנער האָט דעם אוילעם געטריבן—„צעגייט זיך! צעגייט זיך! ניטאָ דאָ וואָס צו זען! דער נייגיר האָט זיך צעשפילט, וואָס? צעגייט זיך!”.

און וואַנקע בערעגיכאטקע האָט יאַשען פאַר אַן אַרבל אָנגענומען און פון גדיכטן מענטשן-געזאַמל ארויסגעשלעפט, ווי מע שלעפט אַרויס אַ פאַרשטאָכענע שפּאָן פון אַ האַרטער הויט, און דער יונג לעווין האָט זיך געווערט און אין וואַנקעס הענט געוואָרפן:

— וואָס שלעפסטו מיך? אַ הור, אַזאַ!...

און וואַנקע האָט געשלעפט דעם יונג און שטיל פאַר זיך געשמייכלט און געטראַכט, וואָס פאַר אַ היציק בלוט עס פליסט

אין די יידישע אָדערן, און ליב איז אים מיטאַמאָל דער יונג לעווין געוואָרן, ווי ליב עס ווערט אַ ברודער אַ פאַרפרעמדטער און צוריק געקומענער, און וואַנקע האָט דעם יונג אַפן לאַסט-אַוטאָ אַרופגעשליידערט און געלאַכט:

— לאָד אויס, ווי באַלד דו ביזט אַן ערלעכער פּראָלעטאַריער! ס'איז דיר, ברודער, מאָסקווע דאָ און רעספּעסערע און ניט דאָרט עפּעס אַ בערדיטשעווער מאַרק דיינער. יאַשאַ!—האָט וואַנקע אויסגעשריגן, אין די הויפּנס אָנגעשפּיגן און צעריבן עס דאָרטן—דאָרטן נעם! רודער! זיי אַ פּראָלעטאַריער,—און די לאָפּעטע דעם יונג אין די הענט אַריינגעשטעקט און ווידער געבליבן שטיין אַנטקעגן אים אַ שטייפער, אַ שטעכעדיקער און ווייך-שמייכלענדיקער:

נו!?...

ס'האָט אַ קילער ווינט דעם שווערן זאַמד אַ ריס געטאָן און אָנמעכטיק פאַרבייגעגליטשט זיך. דער יונג לעווין האָט דעם זאַמד פון אונטער די רעדער פונם אַוטאָ אַרויסגעשאַרט און צונויפגעשאַרט עס אין אַ באַרג, ווי ער פלעגט אַמאָל אַפן פעלד היי צונויפשאַרן, און וואַנקע איז געשטאַנען און האָט געוואַרט אַפן סאָף פון דעם יונגס אַרבעט, און אַז דער יונג האָט די אַרבעט געענדיקט, איז וואַנקע צום נאָז פון אַוטאָ צוגעגאַנגען און באַם מאָטאָר-הענטל זיך אָנגענומען און געפאָרקעט זיך דאָרטן, ווי אַ פויער פאָרקעט זיך באַם ציימל פון פערד פאַרן אָפּפאָרן, און דער מאָטאָר האָט עטלעכע הילכיקע, מיט לעבעדיקן גראַגערדיקן אויסגעשריי פונקען ארויסגעשאָסן און צעגראַגערט זיך הילכיק און ציילמעסיק, ווי ער וואָלט די צייט אף קורצע פיצעלעך געבראָקט און די פיצעלעך געציילט, און וואַנקע האָט דעם יונג לעווין אַפן שאָפער-געזעס אַנידערגעזעצט און אליין באַקוועם זיך אַנידערגעזעצט אין ביינערדיקן הויפן פון דער רעכטער האַנט פעסט דעם רודער פאַרקלאַמערט, און מיטן גראָבן פינגער פון דער לינקער האַנט דעם עלעקטרישן קנעפּל אָנגעדריקט, און צעזונגען זיך און צעשאַלט מיטן גרילצנדיקן האָרן פון אַ שטאָטישן לאַסט-אַוטאָ און רירעווודיק און פלינק אַוועקגעטראָגן זיך אַראָפ מיט דער טווערסקאַיאַ גאַס—אַראָפ פאַרביי דעם מאָסקווער ראַט, פאַרביי דעם שטאלצן אבעליסק פון אקטיאַבר, פאַרביי דער שטיינערנער פרוי מיטן ערדקיילעך אין איין האַנט און מיט דער אויסגעצויגענער אין דער ווייט אַריין צווייטער האַנט: „די גאַנצע מאַכט די ראַטן!".

און אינדערהיים, אין זיין גרויסן און ליכטיקן צימער האָט ער דעם יונג לעווין אף אַ נידעריק בעטל, מאָגער פאַרבעט, אָנגעוויזן:

— אָט אָ דאָ, דאָ וועסטו שלאָפן. נו?...

דערנאָך האָט אים וואַנקע אפן וואַנט, אַף לעניגס פאָרטרעט אָנגעוויזן:

— אָט-אָ—דעם—אָ קענסטו? לעני איז עס. קוק זיך צו...

דערנאָך איז דערזעלבער וואַנקע בערעזשאטקע אין קיך אַוועק, טיי אַפן פּרימוס געשטעלט און געקומען צוריק אין צימער און געבליבן שטיין אינמיטן אַליידיקער, אַ וואַרטנדיקער, אַן אנדערער, און געמאָלדן דעם יונג:

— מיר וועלן באלד טיי טרינקען. און איך דאַרף אַף אַ פאַרזאַמלונג גיין. ס'איז באַ מיר אַ פאַרזאַמלונג אַזאַ: אַ יאַט שאַרט זיך צו די באָלשעוויקעס און איז נאָך אַ גרעסערער שיקער פאַר מיר און שלאָגט די ווייב. דאַרף איך אַ וואָרט זאָגן... דו פאַרשטייסט?...

און איז מיטאַמאָל פאַרפינצטערט געוואָרן, ווי עס ווערט פאַרפינצטערט אַ מענטש, וואָס האָט אַ שטיק לעבן ערגעץ אין אַ שפּיל פאַרשפּילט, און ווייך און צאַרט האָט ער אַפן יונג געקוקט און אין פּאָנים אים עטוואָס פאַרלוירן אַיינגערוימט:

— יאַשאַ!.. אָבער דער פאַלעץ געפעלט דיר?... פאַרנעם די בעט... שלאָף...

דער יונג האָט געשוויגן, ווייל דאָס האַרץ איז אים ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן און ער האָט ניט געוווּסט וואָס וואַנקען צו ענטפערן. און וואַנקע האָט דעם יונג אין פּאָנים אַריינגערעט און דערקלערט פאַרטראַכט, ווי איינער וואָס ווייסט נאָך ניט וואָס בעסער איז:

— און עפּשער... אַרומשלעפן זיך געפעלט דיר עפּשער בעסער, וואָס?...

דערנאָך האָט וואַנקע דעם טיי אַריינגעבראַכט, אָן קיין שום סיבע פריילעך און זינגעוודיק געוואָרן, ווי דאָס זשומענדיקע טיי-קענדל, מיטאַמאָל זיך צעלאַכט פון אַ באַהאַלטענעם געדאַנק, וואָס איז אים איינגעפאַלן און צוריק אין קיך אַריינגעלאָפן און הילכיק און פריידיק גערופן:

— דוניאַ!.. דוסיאַ!.. איוואַנאָוואַ!.. קום אַהער! אַ יאַט איז צו דיר צו גאַסט געקומען...

און אין די אָפענע ראַמען פון די פענצטער האָט דער האַרבסטיקער אָונט-ווינט געווירבלט און געדרייט, און קעגניבער, אין דער האלב-אָפענער טיר האט זיך אַ העל-געשוירענער מיידל-קאָפּ באוויזן און פאַרהאַלטן זיך דאָרט, און גרויסע, בלאָע, ליכטיק-שמייכלענדיקע אויגן האבן זיך מיט די טונקל-מאַנדלדיקע אויגן פונם יונג לעווין באַגעגנט און געבליבן אַף א ווילע אין ערשטער, ביז ווייטיק געפרעסטער באַהעפטונג.

און וואַנקע האָט דאָס העל-האָריקע מיידל אין פּלייצע געשטופּט:

— גיי. . וואָס שטייסטו אין טיר? קוק! אַ יאַט—אַ יאדער! דערקאָנסט אים ניט?...

און דאָס מיידל איז אין צימער אַריין און הילכיק און העל-שמייכלענדיק מיט די אויגן געלאַכט:

אַף טיי לאדסטו, וואַניאַ?...

און וואַנקע בערעזשאַטקע איז ווידער ווינקלדיק און רירעוודיק געוואָרן און טיי דערלאַנגט, און זיי האבן אין דרייען טיי געטרונקען, און באם שאָפער האָט קיין געדולד ניט געקלעקט זיין גלאָז טיי ביזן דעק אויסטרינקען, און מיט אַ טונקל-שיינענדיקן פּאָנים האָט ער זיך אופגעהויבן און די איבעריקע צווי די גלאנציקע פלייצע זיינע אין דער לעדערנער קורטקע באַוויזן:

— רייניקן גיי איך!.. האַלט זיך! שטיי אף די פיס!...—האָט וואַנקע די פיס ברייט צעשטעלט און די פויסטן פארויס זיך אויסגעוואָרפן. וואַנקע בערעזשאטקע גייט די רעקאפע רייניקן

אוּ-או-אוּ!... צעפלאַפל זיך מיט אים, דוסיאַ!—האָט וואַנקע געלאכט—טשיקאַווע מאיסעס האָט ער, דער יאַט! נו... קאמשפרינגערן...

און די גלאַנציקע פלייצע אין דער לעדערנער קורטקע מיט זיך אַף דער פאַרזאמלונג אַוועקגעטראָגן, און בלאָע קאָרן-אויגן מיט טונקל-מאַנדלדיקע אַלט-יידישע אויגן האבן זיך אין זייער צווייטער און הייסער באהעפטונג געטראָפן, און דער ווינט חאָט מיט די אָפענע ראַמען געשפּילט זיין האַרבסטיקע שטאָטיש-אָפּגעשוואַכטע שפּיל, און דאָס מיידל חאָט צום יונג געשמייכלט:

— טשיקאווע מאַיסעס?... דערצייל, דערצייל טשיקאַווע מאַיסעס... ווער ביסטו אזעלכער?...

.7

דאָס מיידל פון דער ביוראָ פאַר ארבעטלאָזע האָט מיט אַזאַ וואָכעדיקן פאָך מיט די אויגן דעם יונג געמאָלדן:

— אַ פויער-יונג? פון דאָרף? זוכט אַרבעט?—ס'איז באוווסט! אין די צענדליקער טויזנטער הויבן זיי ווידער אָן פון דאָרף אין שטאָט אַריינצוקומען...

און דאָס צווייטע מיידל—די, וואָס איז מיט אים איצט פון רויטן פלאץ אַראָפּ, צו דער טווערסקאַיאַ גאַס געגאַנגען האט אים אויך געזאָגט:

— פון אוקראַינע? פון פעטליורעס לאפעס? מאָדנע!—און אַזאַ ווייניק באוווסטזיניקער יאַט ביסטו!..

דערנאָך האָט דאָס מיידל דוניאַ געלאַכט און איר הויט האָט געפּיבערט, און דער מאַרך איז בא איר עקזאלטירט און אָנגעגליט געוואָרן, און צום ערשטן מאָל אין איר צוואַנציקיאָריקן לעבן האָט זי זיך פאַרטראַכט דערוף, אַז פון דעם יונג שלאָגט אַ היץ, אַז פון דערדאָזיקער היץ זידט איר בלוט אין די אָדערן און די געדאַנקען באַוועגן זיך פלינק, און גריננג איז איר אַזוי צו טראַכטן און צו לאַכן און צו געבן דערקלערן דעם יונג אַלע זיינע ווילדע נאָכפרעגענישן, און עס ציט איר צום יונג, ווי עס ציט דעם פייער צום ברען-מאַטעריאַל...

דאָס מיידל דוניאַ האָט איבער דידאָזיקע פלוצלונגדיקע געדאַנקען אירע זיך פאַרטראַכט און איינגעשטילט געוואָרן, און אַ שטילע דעם יונג באַ א זייט געגאַנגען און געפּילט די גאַנצע רעכטע שטייפע און בריענדיקע זייט זיינע.

דער יונג לעווין איז איבער די מאָסקווער גאַסן אַרומגעגאַנגען מיטן פאַרדעקטן און באהאלטענעם געדאַנק מיט דער שטאָט מאָסקווע זיך גוט צו באקאָנען, יעדער געסעלע און ליקעלע מיט די פּיס אויסמעסטן, אַף צו קאָנען פלינקער מיט דער מאַשין זיינער זיך אויסצוקערעווען, אַף ניט פאַרגאַפּט שטיין צו בלייבן, ווען דער שעף זיינער, דער אָדעסער ייד אין די קיילעכדיקע אַמעריקאנער ברילן און מיטן מאָסקווער רוסיש, אין דער קורץ-געשוירענער בערדל וועט זאָגן:

— דעם שאָפער אַהער! דעם כאַווער לעווין... כאַווער לעווין! צום קרעמל באַדאַרף איך... פלינק...

דער יונג לעווין האָט זיך אין זיין נייעם לעבן אָנגעטאָן, ווי אַן אָפּגעריסענער קריכט אין אַ נייעם אָנצוג אריין: ס'איז אַלץ וואָיל און ליכטיק, פריש, ניי, ניט אויסגעפרווט נאָך קיינמאָל אזוינס... אָבער... די געפרעסטע נעט קרעמפּן און די הענט זיינען ווי צוגעסטריגעוועטע—אָט פאַלן זיי אראָפּ... אָבער דער יונג האָט נאָך דעמדאָזיקן לעבן געגאַרט, ווי א מענטש גאַרט דעם גליקלעכן כאָלעם, וואָס ער זעט אין שלאָף, ביז מיטן טאָג פאַרהאלטן און אין וואָר פארוואַנדלען. און דער יונג האָט זיך געקלאַמערט אָן די אלע הענגערלעך אין לעבן, וואָס זיינען אים אין די הענט אַריינגעפאַלן, ווי א מענטש קלאמערט זיך אָן די שטעכיקע געוויקסן, ווען ער קריכט איבערן שיפּוי פון באַרג אַרוף.

און דער יונג איז אַרומגעגאַנגען איבער די מאָסקווער גאַסן מיט פאַרבלוטיקטע אויגן און מיט אָפּגעדעקטע ציינדלעך, מיט פאַרשמירטע הענט און מיט פיס, וואָס האָבן געזוכט זייער אייגן אָרט אין דערדאָזיקער פלוצלונג אויסגעוואַקסענער וועלט-שטאָט.

דער יונג לעווין האָט מיט דער לויטערער פאַשטעס פון זיינע אור-עלטערן, מיט דערזעלבער ערדישקייט פון זיין טאַטן און זיידן, מיט דערזעלבער פאַרגרעבטער היילקייט פון זייער פריען דאַוונען אין ווינטערדיקע פרימאָרגנס אין דאָרף, פון זייער שווערער האָרעוואַניע אין פעלד, מיטן זעלבן בויג פון דער פלייצע און פאָך מיט די שטייפע הענטלעך האָט ער איצט, אין שפּעטן האַרבסט פון 1923 יאָר, אין נעפלדיקע פרימאָרגנס, אַף אַ זייטיקער גאַס געבן קאַטעדראַל פון „קריסטוס דעם רעטער”, אין אַ גאַראַזש פון דער מאָסקווער קאָמונאַלער ווירטשאַפט, די גראָע מאַשין, דעם לאַסט-אַווטאָ געוואַשן און געפּוצט, און צו יעדן שרייפעלע אין מאָטאָר זיך צוגעקוקט, ווי ער האָט זיך צוגעקוקט אַ מאָל צו די ארויסגעשמיסענע געדערים פון א פאַרצוקט פערד אין פעלד. און דעם יונג האָט זיך אף דער וואָר געכאָלעמט, ווי ער טאַנצט ארום אף זיין פאָרדיק איבער די מאָסקווער גאַסן, און דער יונג האָט אומגעריכט פאַר זיך אליין זיין אומבאַקאַנטן ברעג אין לעבן דערזען, און געבענקט צום ברעג קומען, ווי אַ פאַרמאַטערטער שווימער בענקט דעם באָדן מיט די פיס אָנטאַפּן, און דער יונג האָט זיך געפרייט מיט זיין אופקומענדיקן איצט און ווידער אַמאל מיט די ציינדלעך פאַרקוועטשט:

— או—ו—ך, שעדישע נעשאָמעס!... סאיוויסאַי וועט איר מיך אַ לעבעדיקן ניט נעמען!...

און דער יונג האָט אין פריע באַגינענס די מאַשין געוואַשן און געפּוצט, אין נעפלדיקע, שפּעט-האַרבסטיקע טעג אף איין געזעס מיט וואַנקע בערעגיכאטקע אַף דער מאַשין געזעסן און געיאָגט איבער די מאָסקווער גאַסן און געגלאַנצט פון האַנאָע מיט די ציין און מיט די אויגלעך אף די צושראָקענע שטאָט-לייט, וואָס לויפן פון די שפּריצן בלאָטע פון דעם פאָרדיק, און דער יונג האָט קורצע פאַרשעמטע און אומגעריכטע ווײלעס מיט דעם מיידל פאַרבראַכט און לאנגע שאָען איבער די מאָסקווער גאַסן זיך אַרומגעשלעפּט און געכאַזערט זיך אליין אין זיקאָרן, ווי אזוי ער וועט אין דידאָזיקע פאַרפלאָנטערטע הינטער-געסלעך זיין פאָרדיק ווי אַ פאָדים דורכן אויער פון אַ נאָדל אַדורכציען.

אָבער די מאָסקווער גאַסן זיינען אין האַרבסטיקע אָוונטן געפאַקט מיט מענטשן, ווי די צאָפּנדיקע יאם-ברעגן מיט טרעסקאַ, און דידאָזיקע מענטשן זיינען אין די נעפלען און רעגנס פונקט

אַזוי גליטשיק און צורייצט, ווי דערדאָזיקער מין פֿיש, בייזע איילן זיי צו זיך אין די פֿרישע אויסגעקאַלכטע קעסטעלעך אריין און לאָזן זיך ניט אָפּשטעלן, און לאָזן זיך ניט דערקאָנען, און נאָר איינע, דאָסדאָזיקע מיידל איז צוגעפֿאַלן צו אים נאָענט און גייט מיט אים, און שפּאָט פֿון אים, און ציטערט מיט אירע ברעמען, און ער פֿאַרמאָגט פֿאַר איר גאָרניט און איז נאַקעט ווי דערדאָזיקער שטיין אף די גאַסן.

דאָס געלע עלעקטרישע ליכט שניידט זיך אין דער נאַכט אַריין, ווי מעשענע מעסערס אין טונקעלע פֿרוכטן. טיפֿער נאָך אין דערזעלבער נאַכט שניידט זיך אריין דאָס שאַלן פֿון אַ טרומייט. און שווער איז פֿאַרן יונג צו פֿאַרשטיין און באַנעמען דעם ריזיקן אָטעם-צוג פֿון דערדאָזיקער גרויסער שטאָט, אירע קוילעס און אירע ליכט-שימער, און דער יונג איז מיט אַן אומרויִקן מאַרך אין קאָפּ, און ס'איז אים קאַרג דער כאָלעם זיינער וועגן אַרומטאַנצן אף א פֿאָרד-מאַשין איבער די מאסקווער גאַסן, און ס'איז אים קאַרג דאָס, וואָס דאָס מיידל גייט אים באַם זייט, און דעם יונג ווילט זיך פֿון מיידלס קערפּער, ווי פֿון אַ ליימענעם קרוג טרינקען, און דעם יונג ווילט זיך פֿון מיידלס מאַרך אַלץ, וואָס איז דאָרט דאָ, אַרויסזויגן און באַנעמען דעמדאָזיקן געווירבל פֿון דער שטאָט.

און אַף די מאָסקווער גאַסן, אין אָוונט, אין הארבסט 1923 — קארג ליכט איז נאָך פֿאַראַן, און געל איז דאָסדאָזיקע ליכט, ווי די קנייטן וואָלטן אין וואַסער אונטערגענעצטע געווען, און אין די שפּיגל-שויבן פֿון די שפּייז קראָמען דינען מיט זאַפּט אַלע זיבן זיסע מאַכאָלים און אַ שורע ראָזעווע כאַזיירימלעך ליגן אָפּגעשאָבענע, צאַרט-הויטיקע, מיט אופגעטרענטע בייכלעך, ליגן און באָדן זיך אין אייגענעם יונג-כאַזערישן טאָם און געלן עלעקטרישן ליכט. און דרויסן, אין שאָטן, אונטערן שיטערן רעגנדל, אין געדיכטן נעפּל, שטייט א צעקנייטשטער אַלטער מיט אַ לאַנגער באָרד און שפּילט אַף אַ פֿלייט אָפּגעריסענע פֿראַזן פֿון לענסקעס אַריע אין „יעווגעני אָנעגין“, — און די געלקייט פֿון זיין גראָער באָרד פּלאָטערט אין דעם געלן עלעקטרישן ליכט פֿון דער גאַס און פֿון די שויב-פֿענצטער, און דאָס שאַלן פֿון זיין טרומייט ווערט ווייט אַרויף פֿאַרוואָרפֿן און פֿאַלט צאַפּלדיק צום גראַניט פֿון פּושקינס דענקמאָל און פֿאַרגייט דאָרטן פֿאַרציטערט און פֿאַרטויבט, און דאָס מיידל ווייסט גאָר שוואַך פֿון אַ פּושקין און פֿון אַ „יעווגעני אָנעגין“, און דער יונג ווייסט אינגאַנצן ניט פֿון זיי, און אַ פֿיבער כאַפּט אים נאָר אַרום און אַ גרויל פֿאַרן גורל פֿונם אַלטינקן, וואָס דאַרף דאָ שטיין מיט אַן אָפּגעדעקטן נאַקעטן שאַרבן און מיט נאַסע ליפּן אַרויסבלאָזן זיין ליד.

דעם יונגס לעבן איז אין דידאָזיקע יאָרן געפֿלאָסן דרויסן, אַף וועגן און גאַסן, און דער יונג האָט דעריבער פֿאַרבלוטיקטע אויגן געהאַט און געפֿינטלט מיט זיי אף די גאַסן-לייט, און געשראָקן זיך פֿאַר זיי, און געהאַסט זיי, ווייל זיי האָבן זיין אייגענעם גורל אים אומבאַראַכמאָנעסדיק דערמאָנט און גערופֿן צו זיך אין דער פֿריילעכער און העפֿקערדיקער כעווראַ אריין. באַם יונג האָבן זיך דעריבער די ליפּן צערודערט און ער האָט געטראַכט וועגן דעם מיידל, וואָס איז אים באַם זייט געגאַנגען, ווי וועגן אַ געפֿינס, וואָס ער טראָגט אין די הויפּנס און וואָס וועט באַ אים אָפּגענומען ווערן און ער וועט ווידער דאַרפֿן נעבן קאַזיאָנער וואָקזאַל מיטן פֿאַרזשאַווערטן גאָלמעסער זיך שטעלן. דער יונג האָט דעריבער מער ניט געקאָנט זיינע רייד, פֿאַרשטיקטע אין זיך, איינהאַלטן.

דער יונג האָט געפֿרעגט, דערציילט, פֿאַרטרויט, ווי קיינעם נאָך אין לעבן ניט, אָפֿן און נאַקעט, און דאָס מיידל האָט געלאַכט.

דער יונג האָט געפֿרעגט, צו וואָס דער אַלטער שפּילט דאָ, און פֿאַרוואָס זיינען קיין הייזער פֿאַר אַזעלכע אַלטע נאָך ניט אויסגעבויט, אַז זיי זאָלן ניט דאַרפֿן אין די גאַסן זיך וואַלגערן. און דאָס מיידל האָט געלאַכט, און איר קערפּער האָט מיט דער נייער שיין געלויכטן און געפֿלאַטערט. און ערגעץ ווו, אינעווייניק, ווי אין אוראַלטע וועלדער שלאָגן זיך כאַיעס אַ וועג דורך, — אַזוי האָט באַ איר אַן אור-געפֿיל זיך אַ וויג געטאָן, אַ ריר געטאָן, א ריס געטאָן זיך און אַ וועג צו די אויגן אירע דורכגעשלאָגן, צו די פּולע ליפּן, צו די צאַפּלדיקע נאָפּלען אַף די בריסט, און פֿלינק האָט זיך איר געטראַכט, און לייכט האָט זיך איר געלאַכט:

— נו, וואָס זשע ווילסטו, יאשא? פֿאַר יעדערן א נעסט? א ווינקל?...

ס'איז איר פֿון זיין פֿראַגע און פֿון איר ענטפֿער אומגעריכט אומעטיק געוואָרן און זי האָט פּלוצלונג איר ענטפֿער אָפּגעריסן און זיך פֿאַרטראַכט, אָבער דאָס יונגע בלוט אירע האָט פֿרייד געזוכט, ווי יונגע פֿרילינג-וואַסערן זוכן זיך אונטערן אייז א וועג, און דאָס מיידל איז מיט א מאָל צו זיך געקומען און ווידער שוין געשפּאַסט.

— מע קאָן דאָך ניט, יאשא. דעמדאָזיקן אַלטן הינטער די שויב-פֿענסטער אַנידערזעצן און אין די פּיסקלעך פֿון דידאָזיקע טויטע כאַזיירימלעך פּייפֿלעך אַריינשטעקן, זיי זאָלן מוזיק שפּילן!...

דערנאָך האָט זי דעם יונג אונטערן אָרעם גענומען און געבריט אים מיטן לייב וואָס איז איצט צום ערשטן מאָל נעענטער צו זיין לייב געוואָרן, און מיט שטילן באַהאַלטענעם פֿיבער אין די אָדערן אָנגעפֿילט, מיט פֿיבער, וואָס האָט געפֿלאָסן פֿון איר שטייפֿער יונגער ברוסט, און זי האָט אים דערציילט:

— דו ביסט דאָך נאָך אינגאַנצן א ווילדער... עס האָט דיר פּעטליוראַס האַק א זעץ געטאָן אין מויעך און דו גייסט אַרום א צעמישטער... וואַרט,—האָט דאָס מיידל זיין אָרעם א דריק געטאָן, —דו וועסט זיך דערוויסן.... האָב געדולד... ניט קיין טאַטע מיט קיין מאַמע... אָן דעם פֿאַרגעס... פֿאַרשטייסט?...

זיי זיינען געגאַנגען באַרג אַרויף. דידאָזיקע שטיק טווערסקאַיאַ גאַס איז געלעגן א נאַסע און גלאַנציקע, ווי אַן אַראָפּגעלאָזטער עק באַ א הון אונטערן רעגן אָבער דידאָזיקע שטיק גאַס איז געווען אין קיזל-שטיין און שווערע שטיינער-פּליטן פֿאַרפּאַנצערט, און עס האָט אויך אויסגעזען, ווי א קרומער טיש, ווי א ראַמפּע ווו עס שפּילט זיך אָפּ עפּעס א קאָמישע שטיק.

דאָס מיידל האָט אים געפֿירט איבער די גאַסן און אים געבן דערקלערן געוואָלט און אים געזאָגט דעריבער אומגעפֿער אַזוינס:

— געוויס ליגט ערגעץ פֿאַרשטעקט אַזאַ באַהאַלטענע האַנט, וואָס פֿירט אָן מיט די אַלע אַרומשמייענדיקע מענטשן. ווייסטו

וואָס דאס איז?— די עקאָנאָמיק... געוויס איז דאָ א געזעץ אזא דערין, וואָס א סאך מענטשן לויפֿן און איינצעלנע מענטשן שטייען אף די ראָגן און טוען, ווי א פליכט, יעדער זיין טווּנג. ווייסטו וואָס דאָס איז?—כאַאָטישע עקאָנאָמיק פֿון דער איבערגאנג-עפּאָכע... א ירושע פונם קאפּיטאליזם... קוק,—האָט דאָס מיידל געזאָגט,—זע...

און דער יונג האָט געזען אזעלכע מאדנע געשטאלטן.

דער געגאָלטער ארטיסט, דער הויכער, שטאלטנער מענטש מיטן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ און מיט דער לייוונטער טאָרבעלע אין האנט בעט שוין מער קיין געלט ניט—זיין טאָרבעלע איז אָפן און גענוג וועט פאר אים זיין איבּ יעדער איינער, וואָס גייט ארויס מיט א פיצל ווארעם ברויט אין די הויפנס, וועט אים דעם „צולאג“ אין טאָרבעלע אריינווארפֿן. ער וועט אַ גאַנצן אָוונט דאָ נעבן דער ברויט-קראָם שטיין און אַלע פיצלעך „צולאג“ צו זיך אין טאָרבעלע אָנזאַמלען און באַנאַכט די קינדער זיי איינטיילן, און מאָרגן באַטאָג ווידער נעבן דערדאָזיקער ברויט-קראָם זיך אנידערשטעלן, ווידער לידער זינגען, גרויסאַרטיקע, פּריצישע לידער וועגן דעם „וואָס עס גרייט אונדז דער אָנקומענדיקער טאָג“... דערדאָזיקער אַרטיסט איז שלעכט ראַזירט און די הערלעך אַף זיין פּאָנים סטאַרטשען אַרויס ווי פֿאַרזשאווערטע שפּילקעלעך, און דער יונג לעווין וואָלט מיט פֿלייס און האַנאָע, אינגאַנצן אומזיסט זיין פּאָנים אָפּגעשאָבן. אָבער דערדאָזיקער אַרטיסט קוקט ק״נעם אין די אויגן ניט אַריין, און איבער אַלע פֿאַרבייגייערס קעפּ זינגט ער זיין ליד וועגן דעם אָנקומעדיקן טאָג, זינגט זי קלאַסיש, ווי ער וואָלט אַף דער בינע געשטאַנען.

דער דאָרפישער פויער-יונג, אַ יונגער און פֿלינקער, אין אַ ברוין-סוויטקעלע, אין אַ שאָפֿן היטל, אין נאַסע כליופּענדיקע פּאָסטאלעס,—דער איז צעטומלט און וואַרפֿט זיך פֿון איין דורכגייער צום צווייטן מיט אויסגעשטרעקטע הענט—ער דאַרף בלויז דריי קאָפּיקעס אַף אַ נאַכט-לעגער (אַ בולקע קאָן מען גאַנוועגען, פֿאַר נאַכט-לעגער מוז מען אָבער מיט באַרעס געלט באַצאָלן) און קאן עס בעשום אויפֿן ניט באַקומען. ער איז פֿלינק, דערדאָזיקער פֿאַרלוירענער פויערל, אָבער צעטומלט און ניט געניט נאָך, ער רופֿט אַלעמען „ברודערל“, און קיינער וויל זיך מיט אים ניט קאָנען, און קיינער וויל זיך מיט אים ניט אָנגעהערן, און פֿון פֿאַרצווייפֿלונג פֿאַרקוקט ער זיך אַף די ווונדערלעך-גלאַנצנדיקע שוי-פֿענסטער און פֿאַרגאַפֿט זיך גאָר אַף די טרעלן פֿון דעם טרומייט, אַף די הייזעריקע-קוילעס פֿון דעם אַרטיסטס ליד. דערדאָזיקער פויערל וועט נאַכט-עסן זיך קריגן,—ער וועט עס גאַנווענען—און נאַכט-לעגער וועט ער זיך מוזן נעמען אַף אַ נאַסער באַנק אַף איינעם פֿון די מאָסקווער בולוואַרן.

דער גאַלעך שטייט מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט און שווייגט; זיין פּאָנים איז פֿאַרשפּיצט און באַוואַקסן מיט האר, ווי אַן אַלטער טשוואַק מיט זשאַווער, און די קודלעס פֿון הינטן זיינען ווי צוגעקלעפּטע. דערדאָזיקער שווייגט, ווייל אים גיט מען אָפּט,—קריסטן ווייניקער — יידן מער. ער לאָזט פֿלינק די האַנט מיט דער גאַב אַראָפּ אין דער ברייטער פֿלודערן-קעשענע. ער מאַכט עס געשיקט צווישן איין גאַב און דער צווייטער. און די האַנט,—ווי אַן אווטאָמאַט,—ווערט צוריק פֿאַר זיך גלייך אויסגעשטרעקט אַ ליידיקע און שטום-בעטנדיקע. דערדאָזיקער האָט אין דער היים אַ גאַלעכטע, אַ דאַרע, צעקנייטשטע גאָיקעלע, וואָס קאָכט אים באַטאָג זיינע באַליבטע געקעכצן, און רייבט זיך אָן אים באַנאַכט מיט אירע אַלטע אָפּגענוצטע גלידער; זיי ביידע—א זון אַ דאָקטער אין ווען די רעוואָלוציע שטעקט, ווי אַן אומהיילבאַרע קרענק. ווי אַ קרעפּס, וואָס פֿרעסט אים לאַנגזאַם, אָבער זיכער.

נעבן דער ריזיקער יעליסייעוו-קראָם (איצט בלייבט זיך אַף איר שטערן אַ קרוין פֿון נייע פֿיר אויסיעס:—„מ.ס.פּ.אָ“) א קראָם —א קעניגן, אַלע שפּייז-קראָמען אין דער וועלט—שטייט אין דרייען געבויגן אַן אַלטינקער מיט אַ גרויסע שורע מעדאַלן אף דער ברוסט. די מעדאַלן גלאַנצן אין געלן ליכט און דער קאָפּ באַם אַלטינקן איז געדיכט באַוואָקסן מיט האָר, וואָס זיינען שוין גרין פֿון אַלטקייט, ווי מאָך אַפֿן שטאם פֿון אַן אַלטן בוים. דעם גיט קיינער גאָרניט און ער לעבט בלויז מיט דער דערינערונג פֿון זיינע פֿאַרבייגעלאָפֿענע יאָרן און מיטן שמאָלץ פֿון זיינע אויסצייכענונגען אין אַלע מילכאָמע-קאמפּאַניעס, וואָס די געוועזענע גרויסע רוסישע אימפּעריע האָט געפֿירט.

פֿון א פלוצלונג פֿינצטערן ליקל שפּרינגט אלע ווײלע ארויס אַ דאר. מאגער יידל. זיין בערדל איז שיטער און שטענדיק נאַס. זיין מויל איז אפֿן, ווי צו קדושע, ווי צו „עכאד“ און די שמאָלע האַסערדיקע אויגעלעך לויפֿן באַ אים ארום ווי נאסע געיאָגטע מייזעלעך. דערדאָזיקער האט שוין אינגאַנצן אַ קלעגלעכן אויסזען, ער קלייבט פֿלינק אָפּ און דערקענט גיך יעדן יידן און ווענדעט זיך צו אים אַ ווײנענדיקער, ווי אַן אָוול, ווי ער וואָלט אַף טאַכריכים פֿאַר אַ מעס געזאַמלט. ער שפּייט געהיימניספֿול ארויס פֿון זיין שטענדיק גאווערנדיקן מויל די פּאָר יידישע ווערטער, ווי ער וואָלט אַ סאָד, אַן אומגעריכט אומגליק, וואָס איז אלע יידן נויגייע, ארויסדערציילט:

— שענקט עפּעס אף ברויט... גאָט וועט זיך אַף אייך מעראַכעם זיין...

ער איז זייער ענלעך אַף אַ דערשלאָגענער יידענע, און הינטער זיינע פלייצעס פאכט שטענדיק דער שאָטן פֿון א דיקער, ברייטהינטנדיקער יידענע, וואָס יאָגט אים אין קאַרק אַריין:

— גיי שוין, גיי שוין אין גאַס ארויס!... שלימאַזל! אַ גראָשן קען עס ניט מאַכן!...

דעמדאָזיקן גיט אויך קיינער ניט. יידן וואַרפֿן זיך אן אַ זייט פֿון פּאַכאַד, וואָס אַ ייד דערוועגט זיך בעטלען אף יידיש אף די מאָסקווער גאַסן, קריסטן בלייבן א ווײלע פֿארגאַפֿט און טרעטן פֿלינק אפּ, און די צורעס קרימען זיך באַ זיי ווי זיי וואָלטן פֿון זייערע מאַלבושים אַ מיעסן וואָרים געוואָלט אראָפּוואַרפֿן, און דערדאָזיקער ייד לעבט דערפֿון, וואָס אלע אָוונט, ארום עלף-צוועלף, שטעלט ער זיך אַ שטומער און מיט א פֿאַרמאַכטן מויל נעבן גערטנדל, אף סאדאוואיא-טריומפֿאלנאיא, נעבן באַרימטן גערטנדל, וווּ צווישן די שיטערע בוימעלעך דרייען זיך פּראָסטיטוטקעס, ווי ווייסלייביקע מיקראָבן ארום, און װארט אָפּ ביז עס קומט צוגיין זיין רייזעלע, זיין טאָכטערל די זיידענע, זיין אויסגעפּוצטע שאַנד, וועגן וועמען ער האָט אזא טונקעלן באגריף, ווי וועגן גאט, און

ווען ער שילט אין הארצן מיט אזא שווערער קלאָלע, מיט א וועלכן האכנאעדיקן געפֿיל ער ליבט גאָט, און שטופט אים אריין אין האַנט א פאפירל:

— נא... און טראָג זיך אָפּ פֿון דאנען! שנאָרער!...

דער ייד פֿארקוועטשט דאָס פאפירל אין האנט און אנטלויפֿט פֿון איר מיט פאַכאַד אין אָפֿענעם מויל און שמאָלע אויגעלעך, און לויפֿנדיק, אויב אַ ייד גייט נאָר פֿאַרביי, כאַפּט ער אים פֿאַר דער פאָלע אן:

— שענקט עפּעס אַף ברויט... גאָט...

און דידאָזיקע אַלע גייען אַהיים שפּעט ערשט נאָך איינס, ווען אַף די ליידיקע גאַסן בלייבן זיי שטעקן ווי פֿאַרפֿוילטע וואָרצלען אין אַן אויסגעהאַקטן וואַלד, און דידאָזיקע אַלע מענטשן האָט גוט מיט די פֿאַרבלוטיקטע אויגן אויסגעטאַפּט דער יונג לעווין און אַף דער רוסישער העל-האָריקער מיידל מיט דיזעלבע פֿאַרבלוטיקטע אויגן געקוקט און געמאָנט אַן ענטפֿער באַ איר:

— ווער זשע זיינען זיי אַלע? וואָס טוען זיי דאָ? קאָן מען פֿאַר זיי קיין נאכטלעגער אַף אַלע זייערע קנאַפּ איבערגעבליבענע נעכט ניט געפֿינען?

דער יונג האָט אין זיינע אָדערן געטראָגן אַ מאנענדיק און נייגעריק בלוט, און צווישן זיין גאַנצן שווערן יאָך פֿון פֿינצטערן אומוויסן האָט ער אויך פֿאַרמאָגט א טראָפּן פֿון דער זעלטענער יידישער פֿעיקייט: פלוצלונג אַף אַ רעגעלע, אַ ליכטיקן בליק באַקומען און ארופטאַנצן אַף שווינדלדיקע הויכן און פֿון דאָרט אַראָפּשרייען דעם פֿאַרביטערטן „פֿאַר וואָס“?... און אין אַ רעגעלע אַרום פֿאַלן נידעריקער פֿאַרן לעצטן ווערימל אין גראָז..

דער יונג האָט אויך אין געוואַלגער און געוואגל דעראבערט זיך די פֿעיקייט צו לאָזן זיך אַף העפֿקער, און דעריבער, ווען דאָס מיידל מיט די פֿראַנצן איז פלוצלונג און האַרט אנטקעגן זיי געבליבן שטיין און שאַרף אריינגעקוקט זיי ביידן אין די אויגן:

— א, א, יאַשע!.., דו האָסט שוין געפּאַקט אַ רוסישע שמארע, אַ בראָך צו דיר!... זי איז דאָך, ווי אַ האָלץ, וועסט זיך פֿאַרשטעכן אן איר... שיק זי צום טייוול אפּן עק!.. קום... א לעבטאָן... — האָט ער גלייך באַשלאָסן: ער וועט אַוועק מיט איר...

אָבער דאָס מיידל דוניאַ האָט די האנט פֿון אונטער יאַשעס אָרעם ארויסגעריסן און מיטן קערפּער פֿארויס זיך אָנגעבויגן, ווי צום באָקס-קאמף.

— ווער איז זי?

און דער יונג האָט געלאַכט:

— אַ מיידעלע... מיט נאַדן... פעטליורעס פֿראַנצן... קום,— האָט דער יונג באַ די מאַניוקירטע פֿינגער דאָס מיידל אין די זיידענע זאָקן אנגעכאַפּט—קום...

און דאָס מיידל דוניאַ האָט אַ ווײַלע געשוויגן, דערנאָך האָט דאס מיידל דוניאַ צווישן יונג מיט דער פּראָסטיטוטקע זיך געשטעלט, דעם יונג באַ די אקסל אָנגענומען, אויסגעדרייט אים און שטיל געזאָגט:

— קום, יאַשא...

און די מענטשן, די פֿארבייגייער האָבן זיך דערויף ניט אומגעקוקט, און דער יונג האָט דאס מיידל דוניאַ בלויז אין די אויגן אריינגעקוקט. און זי איז אים פלוצלינג אַ נרויסע געווארן, אויסגעוואָקסן פֿון אירע פּאָר געציילטע און שטרענגע ווערטער.

און אין יענער נאכט, איז דער יונג ווי בלינד געוואָרן פֿון די זיבן זונען, וואס האבן אים אין די אויגן אופֿגעבליצט, אין דער איין-און-איינציקער רעגע פֿון באהעפטן זיך מיט דער, צו וועמענס לייב און נעשאָמע ער האט זיך געצויגן, און קיינמאָל ניט געריכט זיך צוצוקומען. און באַגינען, ווען ער איז אופֿגעשטאנען די מאשין וואשן, האָט ער זיך דערמאָנט און געפֿונען דאָס ביסל ליכט, וואָס איז אים פֿון די זיבן זונען געבליבן: באַנאַכט האט אים דוניאַ געפֿרעגט:

— ווי איז דיין פֿאַמיליע-נאָמען? לעווין? און מיינער איז— איוואַנאָוואַ און מארגן וועלן מיר ביידע הייסן—לעווין-איוואַנאָוו...

און צום ערשטן מאָל האט דער יונג, אַ וואַכנדיקער, די ליפּן פֿאַרשלאָסן, די אויגן פֿארמאכט, און באַ פֿארמאכטע ברעמען, ווי באַ פֿארשלאָסענע טירן, ווידער ארויסבאקומען און אָנגעקוקט זיין גליק, — איר ווייסן, ריינעם קערפּער באַ אים אין די הענט, ווידער אופֿגענומען איר שטילן פֿאַרכאַלעשטן געמורמל:

— מאָרגן וועלן מיר ביידע הייסן—לעווין-איוואנאָוו...

און דער יונג האָט די ברעמען אופֿגעריסן, די ליפּן אופֿגעמאַכט, מיט די אויגן און ציין געגלאַנצט און מיט דער פֿייכטער שמאַטע, ווי מיט אַ פֿאָן געפֿאָכט אין דער לופֿטן, און פֿלינק און מיט אַ געזאַנג די מאשין געווישט און געפוצט.

8.

... ס'איז אַ גרויסער מענטש אין מאָסקווע געשטאָרבן אין אַ וואָכעדיקן, ווינטערדיקן, שארף-פֿראָסטיקן שאבעס-פֿארנאכט, אין יאַנוואַר פֿון 1924.

אין יענעם טאָג, באגינען איז דער יונג לעווין דער ערשטער אופֿגעשטאַנען, און אין דער בלויקייט פֿון די שויבן דעם אָנקומנדיקן טאָג געזוכט, און אין דער בלייכקייט פֿון זיין בעט זיין העל-האָריקע און בלוי-אויגיקע איבערגעלאָזט, און מיט ניט איינגאַנצן שטייפֿע טריט, פֿון וועלכע עס רינט נאָך דער שלאָף, ווי פֿון אַ מענטש, וואס איז נאָר וואס פֿון טייך ארויס — דאָס וואַסער. איז ער אין צימער דערנעבן, צו וואַנקען אוועק און אים געוועקט:

— שטיי אוף, וואניוכע!... שטיי אוף... די שליסל פֿון גאַראַזש ווו זיינען?

דער יונג האט היינט געדאַרפֿט צום צענטן מאָל שוין אליין אַף זיין מאשין פֿון די טויערן פֿון גאראזש אַרויספֿאָרן, און ניט געקאנט דערוואַרטן זיך די פֿינקטלעכע מינוט, און ניט געקאָנט רויק זיין שטיקל נאכט דערשלאָפֿן, ווייל שטאַרק האט אים צו זיך געצויגן די מאַשין. און דער יונג האט פֿון דער נאַכט פֿיצלעך געריסן און פֿריער פֿאר אַלעמען אַף דער אַרבעט ארויסגעפֿאָרן, און אין די ליידיקע, נאר וואָס אָפּלעבנדיקע גאַסן, מיט דער צווייטער און דריטער שנעלקייט זיך געטראָגן און געבאָדן זיך אין שאַרפֿן שניידנדיקן ווינט און זיין הארץ האָט מיטגעזונגען מיט די הייזעריקע קוילעס פֿונם צען מאָל געלאסעטן מאָטאָר.

דעם יונג איז שוין איינמאָל אויסגעקומען פֿארענטפֿערן זיך פֿאַר וואַנקען און פֿאר דעם מיידל, פֿאַר זיין פֿריִען אופֿשטיין אַלע טאג, פֿאַר זיין מעשוגענעם יאָגן זיך איבער די ליידיקע גאַסן. דער יונג האָט אף זיי מיט די ציינדלעך געבליצט און מיט די אויגן געשאָסן:

— וואָס זשע דען מיינט איר? וואַרט צו אַ ווילע... איך וועל נאָך פֿליִען אויך!...

וואַנקע האט געלאַכט, און דאָס מיידל האט אים אין די אויגן אריינגעקוקט און מיט צעבליטער ליבע אין הארצן פֿון אַ ווייב, וואס טראָגט שוין אין זיך דעם קערנדל פֿון דער שווערער און ביטערער מענטשלעכער פּרוכט, פֿלעגט זי אים ארויסבאַגלייטן:

— גוט, גוט... זאל ער פֿליִען... דערדאָזיקער יאַט טראכט אדורך אַ טאָג אזויפֿיל, אז אויב ער וועט דעם שטערן אַפֿן ווינט ניט דורכלופֿטערן, וועט ער פֿלאַצן בא אים...

און דער יונג האָט געטראכט וועגן זיין אייגן לעבן, ווי וועגן אַ לעבעדיקער געשיכטע, וואס ער האַלט אין לייענען און ווייסט נאָך ניט מיט וואָס עס וועט זיך ענדיקן. און דער יונג האָט געציילט זיין יעדן טאָג אליין פֿירן די מאשין און קיין געדולד ניט געהאַט זיך אָנציילן ביז הונדערט. און היינט איז געווען דער צענטער טאָג, און היינט פֿארנאכט איז געווען דער ערשטער פֿאַרנאַכט, ווען ער האָט געדאַרפֿט אין ארבעטער-קלוב, צווישן אלע לעדערנע רעקלעך אויך אַ לעדערן רעקל זיין און ווי עס איז, אפֿן ווייסן בויגן פאפיר, זיין שווערע ניי-מאָדנע פֿאַמיליע אנשרייבן:

— לעווין-איוואנאָוו.

און אף דער אלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג האט זיך אים געטראכט:

... אף אַזעלכע צוויי הונ'ערט לעדערנע רעקלעך—די פּאָר שנאָרער אף טווערסקאַיא גאס—ניט געפֿערלעך...

און דאָרט גופֿע האט ער זיך דערמאָנט:

... פּאָליט-איוורע...

דוניאַ האט אים געגעבן אזא ביכל צום לייענען. ער זאָל זיך פֿאנאנדערקלייבן קאָנען, ער זאל אזא ווילדער ניט זיין. דאס ביכל איז אָבער אף רוסיש געווען, און ער האָט רוסיש געלייענט שלעכט, און אומפֿאַרשטענדלעך איז דידאָזיקע שפראך און דער שריפֿט פֿאַר אים געווען, ווי אומפֿאַרשטענדלעך דאס לעבן אָן דוניעס פּאָליט-איוורעדיקע דערקלערונגען, און דער יונג האָט דעם רעדנער געהערט און פֿאַר די אויגן זיינען דוניעס בלויע אויגן געשטאנען אין שווערער פֿארלעגנהייט דערפֿון, וואָס דער יונג קאָן קיין רוסיש ניט לייענען און קאָן צו דער פּאָליט-איוורע, ווי צו אַ פּרוכט, וואָס ליגט הינטער אַ פֿארשלאָסענעם טויער, ניט צוקומען. און דעם יונג האָט איצט ווידער אמאָל געפֿיבערט דערפֿון, וואָס דוניע איז איינמאָל פֿון גאַס אַ שיינענדיקע געקומען און געבראכט אים אַ מאטאָנע — אַ ביכל, א פּאָליט-איוורע אף יידיש, און דערלאנגט עס אים קאַפּויר, מיטן קאָפּ אַראָפּ:

— נאַ, יאַשאַ, אַף דער שפראַך וועט עס דיר גרינגער אַביסל אָנקומען...

און דערנאָך עקזאַמענירט אים און געלאַכט אים אין די אויגן, און געפֿרייט זיך מיט אים.

— ביסט אַ יאַט, יאשאַ!.. דיין שפראַך איז דיר צונויף געקומען !..

און אַז דער רעדנער האָט געענדיקט האָט עמיצער פֿון די לעדערנע רעקלעך זיין האַנט אופֿגעהויבן און אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב אַ פֿראַגע: וואָס מאַכט עפּעס דער כאַווער לענין ?

יאָ. די פֿאַרזאַמלונג האָט זיך געעפֿנט זעקס פֿאַרנאַכט. דער רעדנער האָט געענדיקט זיין רעדע וועגן דעם בלוטיקן זונטיק האַלב אַכט און דער כאַווער לענין איז שוין געווען פֿערציק מינוט טויט, און דער רעדנער האָט געענטפֿערט:

— דעם כאַווער לענינס געזונט בעסערט זיך... דער כאַווער לענין האָט זיך שוין באַלד ריידן אויסגעלערנט...

און דערקלערט, פֿאַרוואָס דער כאַווער לענין האָט איצט באַדאַרפֿט פֿון דאָסניי זיך אָנהויבן לערנען ריידן.

דער רעדנער איז אַן איינזאַמער מענטש געווען, און שפּעט ביינאַכט, ווען ער איז צו זיך אין זיין צימערל אין ראַטן-הויז געקומען, האָט פּלוצלינג דער טעלעפֿאָן אָנגעקלונגען און די דראָטן האָבן אין אָנגעשטרענגטן ציטער איבערגעגעבן:

— זעקס מיט פֿופֿציק איז געשטאָרבן וולאַדימיר איליטש...

דער רעדנער, ווי אַלע, האָט לעכאַטכילע גאָרניט באַנומען, און אַז ער האָט באַנומען, האָט זיך אים שוידערלעך פֿאַרוואָלט אין יענעם קלוב לויפֿן אויסזוכן יענעם אַרבעטער מיט דער אופֿגעהויבענער האַנט און אַריינוויינען אים אין פּאָנים אַריין:

— איך האָב געליגט, כאַווער, געליגט... דער כאַווער לענין איז געשטאָרבן... געשטאָרבן... זעקס מיט פֿופֿציק... מיט פֿערציק מינוט פֿריִער איידער איך האָב אייך אַן ענטפֿער אַף אייער פֿראַגע געגעבן וועגן כאַווער לענינס געזונט-צושטאַנד איז דער כאַווער לענין געשטאָרבן... ניטאָ מער דער כאַווער לענין...

אָבער דער קלוב איז שוין פֿאַרמאַכט געווען—איז ער אַוועק דער מענטש, דער וואָס האָט איינער אַליין אַ קליין צימערל אין ראַטן-הויז פֿאַרנומען, אַוועק איבער די מאָסקווער פֿראָסטיק-שניידנדיקע גאַסן, אַוועק, ווייל דער צימערל איז ענג געווען, באַ די ווענט זיך געהאַלטן—דאָרט איז פֿינצטערער געווען-און די אויגן זיינען באַ אים פֿולע געווען, ווי שווערע עמערס... אַזוי האָט ער זיך געשלייכט אַ גאַנצע נאַכט איבער די מאָסקווער גאַסן, האַרט נעבן די ווענט, און אין די אויערן האָט ווי אַן אומופֿהערלעכע ראַדיאָ געברומט:

— אַללאָ!.. אַללאָ!.. אַללאָ!... זעקס מיט פֿופֿציק איז וולאַדימיר איליטש... אַללאָ!.. אַללאָ!.. אַללאָ..

און אַף מאָרגן איז אַ זונטיקדיקער פֿראָסטיקער טאָג אופֿגעשטאַנען און אין גאַראַזש האָט אומופֿהערלעך דער טעלעפֿאָן געקלונגען און דער יונג האָט פֿון זיין צימערל אַפֿן צווייטן שטאָק דעם קלונג דערהערט, ווי דאָס הירזשען פֿון אַ קראַנק פֿערד אין שטאַל און צוגעפֿאַלן צו דער טעלעפֿאָן-רערל:

— אַללאָ!.. יאָ!.. לעווין!.. וואָס?..

און די טעלעפאָן-רערל פאַרגעסן אופהענגען, און דעם גאַראַזש פאַרשליסן פאַרגעסן, און ווי קיינמאָל נאָך ביז איצט—מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ווי ער וואָלט מוירע האָבן אים פאַרלירן, אין שטוב אַריין און מיט ציטער אין די שפּיצן פינגער, מיט פאַרגלאָזטע אויגן אַנטקעגן בערעגיכאַטקען, אַנטקעגן רוניען געבליבן שטיין:

— לעניִן איז געשטאָרבן... די מאַשינעס פאָדערט מען אַרויס...

און זיך דערמאָנט:

— און דערדאָזיקער... דער נעכטיקער... אַזאַ ליגן...

זיי זיינען אַלע דריי שטיין געבליבן און פון די הערצער האָט זיך באַ זיי איבער די אָדערן צעפלאָסענער בליי צעגאָסן. דערנאָך זיינען זיי אַלע דריי פון די טרעפּ אַראָפּגעלאָפן און דאָס מיידל האָט מיט פאַרגלעזערטע אויגן זיי נאָכגעקוקט, ווי אין שניי-שטויב ווערן זיי מיט די מאַשינעס זייערע אין דער ווייטקייט פאַרשוווּנדן, און, אַז זיי זיינען פון אויג ניט געוואָרן, איז דאָס מיידל דוניאַ צו זיך אין צימערל אַוועק, און ווי אַ בלינדע איר אָרט דאָרט געזוכט און ניט געקאָנט געפינען.

דערנאָך זיינען אָנגעקומען זיבן טעג מיט זיבן נעכט. די זיבן טעג האָבן מיט טרויער געטריפט, ווי אַן אופגעעפנטע ווונד מיט אייטער, און די זיבן נעכט האָבן מיט שייטערן צעלייגטע אַף די גאַסן און פלעצער געוואַרט און געוואַכט די טעג זאָלן אָנקומען און זיי פאַרבייטן. און דער יונג לעווין האָט אַלע זיבן פאַרנאַכטן, נאָך דער אַרבעט, אין דער ריי זיך געשטעלט און צום פאַריינען הויז פּאַמעלעך זיך גערוקט, שאָען זיך גערוקט און אַ רעגעלע אין קרייז זיך פאַרהאַלטן און מיט אופגעריסענע אויגלעך געקוקט אַפן פאָרכטיק-צוגעקליבענעם זאַל און אַפן מעס, וואָס איז אין בלומען געלעגן און וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין אַ כאקי-רעקל פון אַ רויטאַרמייער. און דעם יונג האָט זיך געטראַכט, ווי מאָדנע דאָס איז, וואָס לעניִן זעט אויס ווי אַ סאָלדאַט. און ווייל עס האָט זיך אים זיבן טעג אַזוי געטראַכט, און ווייל זיבן נעכט האָט איבער דער שטילקייט מיט ווייכע טריט אַרומגעגאַנגען דער פלאַקער פון די שייטערס און דער פאַרשטיקטער געזאַנג פון טרויער-מאַרש און דער איינגעהאַלטענער אָטעם פון מענטשנצוגן, איז דער יונג אַפן אַכטן טאָג צו וואַנקען צוגעגאַנגען:

— וואַניאַ, ווי זשע וועלן מיר עפּעס באַלייטן דעם כאַווער לעניִן?

און בערעגיכאַטקע האָט שטיל געענטפערט:

— באַלייטן—ווי באַלייטן. אָבער נאָכן באַלייטן... ווי מיינסטו, יאַשאַ, ווי וועט עס איצטער זיין, הא?..

דער יונג האָט געטראַכט און איבער וואַנקעס קאָפּ געקוקט און מיט אַזאַ פאַרשטיקטן און כיטרן שמייכעלע אַ זאָג געטאָן:

— וואַניאַ... וואָס זשע... אַ פּאַכעד איז דיר באַפאַלן?..

און דאָס בלוט-יידישע האָט פלוצלונג אופגעוואַכט אין אים און אופגעצאַפּלט;

— עס וועט אויסקומען, וואַניאַ. אַפן וועג זיך אַ נעם טאָן... יאָ... אַפן ריכטיקן.

דערנאָך האָט אים די פלינקייט פון זיין יאָג-אָטעם באַהערשט און ער איז צו וואַנקען צוגעפאַלן:

— אָבער... וואַניאַ... באַלייטן ווי אַזוי דאַרף מען אים, ווייסטו? באַלייטן... ווייסט... מע דאַרף... מע דאַרף... די מאַשינעס פון גאַראַזש אַרויספירן, אין אַ קאָלאָנע זיי אויסבויען... אינבערן רויטן פלאַץ מיט זיי זיך אדורכפאָרן... און הודזשען... און הודזשען... זאָלן זיי ברומען...

און אין דער באַשטימטער שאָ, איז אַזוי געווען. און פאַר די באַשטימטע טויטע פינף מינוט, ווען די באַוועגונג איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון לעבן, ווי די ענערגיע ווערט אויסגעשלאָסן פון אַ מאַשין— פאַר יענע פינף מינוט האָט זיך אַ פּראָצעסיע צום רויטן פלאַץ געצויגן: הונדערט לאסט-מאַשינעס, צווייענדיקע אין אַ ריי האָבן פּאַמעלעך געפויזעט און פאַרשטיקט געברומט מיט זייערע עלעקטרישע פייפלעך, און אין דעמדאָזיקן געשריי איז דער פראָסטיקער און טרוקענער פאַרנאַכט-לופט האָט זיך דער יונג צום ערשטן מאָל דערזען ווי אַ מענטש, ווי אַ באַצווינגער, ווי אַ באַשעפער, פירט אַ טשערעדע זשומענדיקע און יאמערנדיקע מאַשינעס נאָך לעניִנס לעוואַיע, און ער האָט צוזאַמען מיט זיי אין דער שטיל פאַר זיך שטומערהייט געיאָמערט, און אין דער ערשטער שורע איז ער אַף זיין מאַשין געזעסן רעכטס, מיטן רודער אין דער רעכטער האַנט, מיטן גראָבן פינגער פון דער לינקער האַנט אַפן עלעקטרישן קנעפל אָנגעדריקט, איז ער אַזוי געזעסן, ווי אַ קאָמאַנדיר אַף זיין מאַשין, וואָס איז באַרג אַרויף, צום רויטן פלאַץ, נאָך לעניִנס לעוואַיע געקראָכן—ער, דער יונג מיט דער ניי-מאָדנער פאַמיליע—לעווין-איוואַנאָוו.

אָקטיאַבר—נאָיאַבר 1926

מאָסקווע.

מוישע נאַדיר.

# דאָס דזשאַז-ליד פֿון דעם קעסל-הייצער דזשים.

(אַמעריקאַנישע אַרבעטער-מאָטיוון).

מ. ל. האַלפּערנס „גאַסנפּייקער“

אַ מאַטאָנע.

### האַקדאָמע.

„דזשים!“, „דזשים!“, „דזשים!“

דזשים דעם שיף-הייצערס נאָמען,
איז ווי אַ קלאָלע
וואָס ווערט אויסגעקלאַפּט
אַף אַ קאָוואַדלע.

אָדער ווי אַ כויזעק
וואָס פּאַיאַצן
דזשים־מדזשען אויס
אַף טאַצן.
„דזשים! דזשים! דזשים!
ריר דיך, דו פֿאַרשאָלטענער
פֿון לעבן נישט-געגאָלטענער
פֿאַרלויזיקטער,
פֿאַרכויזיקטער
האָלעדריגע, דזשים!“.
אַזוי רופֿט
דעם אויבערהייצערס שטים.

.1

### די געשיכטע.

די שיף פֿרעסט מיילן
די מיילן פֿרעסן דזשימס לעבן
אין גהענעם-קעלער פֿון דער שיף.

אויבן אַף די דעקן
טאַנצן ווייסטע פֿלעקן,
מייסים מאָרגעדיקע.
סאָטן-קינדער
אין פֿראַק און צילינדער,
דזשאַז, דזשאַז, דזשאַז,
ברימט דער באַס.
גלאַנצן אויגן אין מאָנאָקל
טאַנצט דאָס אָפּגעגילטע באָקל.
רוישט שאַמפּאַניער אין באָקאַלן
און די פֿיס פֿון שיקרעס פֿאַלן.

אונטן—ווו די פֿייערס ברענען,
הייצן הייצערס אין דעם גהענעם,
און דער שווייס רינט איבער שוואַרצן,
אַנגסטן-בייטשן אַפֿן האַרצן.

אויבן טאַנצן
דאַמען, הערן,
אונטן—וואַנצן, מיסט און ווערים,
אונטן—לייז און מייז און ראַצן
און די אויער-פּייקלען פּלאַצן
פֿון דעם אונטערטרייבערס שטים
„דזשים! דזשים! דזשים!
ריר דיך, דזשים!“.

.2

### אופרוף.

עך, דו דזשים
אינם הוושעדיקן זשים
פֿון טויטן יאַם און טויטן פּלאָט,
שטעל זיך אָפּ און גיב אַ טראָט.

גיב אַ טראָט אַף האַלדז און נאַקן,
אַז דער רוקנביין זאָל קנאַקן,
און די צונג זאָל זיך טאַלעפּן
און דעם גומען נישט דערטשעפּן.

העי! נעם ס׳רעדל פֿון דער שיף
און דערפֿיר זי ביז דער טיף,
און דערנאָך אליין אַ שווים.
דו האָלעדריגע דזשים,
„דזשים, דזשים, דזשים!“.

נעם דערהויב אַף גאַס-פֿאָנאַרן
אַלע הויכע נאַרן-האַרן!
און מיט כויזעק פֿון פּאַיאַצן
מאַך האַוודאָלע אַף פּאַלאַצן.

העכער הויב דיין פֿויסט,
דיין שטים.
עך, דו האָלעדריגע דזשים,
(דזשים, דזשים, דזשים!).

אין די פֿייערן פֿון שיפֿן
ווערט פֿון רויטן ראַש געשליפֿן
האַרטער שטאָל אין האַרטן האַרץ.
ניט צו וואַרטן, ניט צו האָפֿן,
נאָר צו צאָלן און צו שטראָפֿן
אַלע פֿון דעם „שייוועט שוואַרץ״.

נו, ברודער דזשים!
זאָלן דיינע נעגל קראַצן
מיט דעם כויזעק פֿון פּאַיאַצן.
נעם צעכראַסטע טיר און טויער
פֿאַר דעם אַרבעטער און פּויער.

באַ די רויבערס פֿון דיין דעך —
רייס דעם דאַך און שטעך און ברעך.
אומעטום צוקלינג דיין שטים
האָלעדריגע דזשים,
דזשים, דזשים, דזשים,
ריר דיך דזשים!

.3

## פֿ י נ אַ ל.

אָט פֿאַרוואָס און אָט פֿאַרווען!
טו אַ בראָט און טו אַ ברען,
ריייניק אָפּ דאָס מיסע מיסט,
ווייסע מייז און געלע וואַנצן
זאָלן אַף די שיפֿן טאַנצן —
שיפֿן אַפֿן דנאָ פֿון יאַם.

דו און דיינע ווערלן וואַכן —
ווען די פּאַליעס וועלן לאַכן
אַף די מאַסטן-שפּיץ.

ס׳איז געוועזן, מער נישטאָ עס,
אָפּגעמעקט דער וויסטער טאָיִס,
און די וועלט—איז וועלט.
ניי געזאַלבט אין זיבן זונען
האָט דער טאָג דעם טאָג געפֿונען!

זינגען מיר דערפֿאַר דעם הימן,
צו דעם קעסל-הייצער דזשימען —
יעדער מיט זיין בעסטער שטים:
דזשים, דזשים,
אָ, כאַוועער דזשים.

ס׳איז דאָס ליד פֿאַר האָלעדריגעס,
ניט-עסטעטיש אונדזער קריג איז,
און דער פּאַרעך פֿון דער וועלט
איז שוין מערער ניט פֿאַרשטעלט
מיט צילינדערדיקע זאַכן.

רויטע הערצער טוען לאַכן,
ווען צילינדערס ליגן ליידיק
און געשמיסן ליגט דער „פּריידיק״.
סערפּ-און-האַמער איז דער סימען,
אַז דער טאָג קומט אָן פֿאַר דזשימען.
דזשעק און דזשים און דזשאָהן און דזשיהן,

נייע פֿייגל וועלן פֿליען,
אָ, כאַוועער דזשים!
ריר זיך, דזשים!
אַמעריקאַנער
ברודער דזשים!
דזשים, דזשים, דזשים!

---

י. בראָנשטיין.

# פֿון אַ קאַסרילעווקער ווינקל.

(וועגן כ׳ נוסינאָווס „טעאָריעס" און אי. קיפּניסעס „כאַדאָשים און טעג" *).

די פּראָבלעם פֿון אונדזערע נאָענטסטע ליטעראַרישע פּערספּעקטיוון — ס׳איז די גרונט-פּראָבלעם פֿון אונדזער ליטעראַטור אינם איצטיקן היסטאָרישן איבערגאַנג-פּעריאָד.

געדוכט האָט זיך, אַז סאָפּקאָלסאָף איז אונדזער סאָוועטישע ליטעראַרישע געזעלשאַפֿטלעכקייט יאָ געקומען צו אַ באַשטימטן באַשלוס וועגן די פּערספּעקטיוון פֿון אונדזער ליטעראַטור. געדוכט האָט זיך, אַז די אידיי פֿון פּראָלעטאַרישער העגעמאָניע-פּערספּעקטיוו אין דער ליטעראַטור, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דורכן צ. ק. אל. ק. פּ., האָט יאָ געזיגט אַפֿן גאַנצן פֿראָנט פֿון אונדזער בעעמעס סאָוועטישער און בעעמעס רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור.

זיינען מיר אָבער איצט ווידעראַמאָל געצוווּנגען אויפֿצוהייבן דיזעלבע אַלטע פֿראַגע אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס מע פּרוּווט לעצטנס באַ אונדז ווידעראַמאָל אויפֿצולעבן דעם פֿאַרורטיילטן שטאַנדפּונקט פֿון קאַפּיטולאַציע, פֿון פֿאַטאַליזם אין פֿראַגן פֿון אונדזערע ליטעראַרישע פּערספּעקטיוון

## I. דער „גרויזאַמער שיקזאַל" פֿון אונדזער ליטעראַטור.

אין זיין אַרטיקל וועגן „די סאָציאַלע טרייבקרעפֿטן פֿון אונדזער ליטעראַטור" („רויטע וועלט" — יאַנוואַר 1926 יאָר) אַנטוויקלט כ׳ נוסינאָוו אַזאַ פּערספּעקטיוו פֿאַר אונדזער ייִדישער נאָכאָקטיאַבערדיקער ליטעראַטור:

„דער הויפּט-קלאַס פֿון ייִדישן פֿאָלק פֿאַר די לעצטע 60 יאָר, זינט מענדעלע האָט זיין ערשטע ווערק אָנגעשריבן, איז דאָס קליינבירגערטום, און די ייִדישע ליטעראַטור איז דערום געווען אַ ליטעראַטור דעריקער פֿון און וועגן קליינבירגערטום... און ווי מיר זאָלן איצט זיך אידעאָלאָגיש אין פּסיכאָלאָגיש ניט האַלטן אין דערווייטערן כון אַלעס קליינבירגערלעכעס, ווי אונדזער ציל-איינשטעלונג זאָל איצט ניט זיין אַף דער סאָציאַל-עקאָנאָמישער ליקווידאַציע פֿון הענדלערישן קליינבירגערטום אין ייִדישן לעבן, דאָך בלייבט אין אַ געוויסער מאָס דער גורל פֿון אונדזער ליטעראַטור דערזעלבער".

ווי איר זעט, באַקומט זיך אַ גאַנץ טרויעריק בילד. עס שטייט אונדזער כאָשעווער כאַווער נוסינאָוו באַוואָפֿנט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס מיט דער „ציל-איינשטעלונג אַף דער סאָציאַל-עקאָנאָמישער ליקווידאַציע פֿון הענדלערישן קליינבירגערטום אין ייִדישן לעבן", ער האַלט זיך אין איין „דערווייטערן פֿון אַלעס קליינבירגערלעכעס" סאַי אידעאָלאָגיש, סאַי פּסיכאָלאָגיש — און ער קאָן זיך אַלץ ניט אַרויסרייסן פֿונם „גרויזאַמען שיקזאַל":

געווען איז די ייִדישע ליטעראַטור פֿון מענדעלען אָן „פֿון און וועגן קליינבירגערטום" און עס „בלייבט אין אַ געוויסער מאָס דער גורל פֿון אונדזער ליטעראַטור דערזעלבער".

וואָס הייסט — „דערזעלבער"?

ס׳הייסט, אַז אונדזער נייע נאָכאָקטיאַבערישע ליטעראַטור האָט פֿאַר זיך די פּערספּעקטיוו צו פֿאַרבלייבן, ווי מיט 60 יאָר צוריק, „אַ ליטעראַטור דעריקער פֿון און וועגן קליינבירגערטום", אַ קליינבירגערלעכע ליטעראַטור. די היסטאָרישע העגעמאָניע פֿאַרבלייבט באַ דער קליינבירגערלעכער ליטעראַטור!

כ׳ נוסינאָוו פּרובירט אַפֿילע דעמדאָזיקן גזאַרדין „וויסנשאַפֿטלעך באַגרינדן.

ער שרייבט:

„דאָס (די העגעמאָניע פֿון קליינבירגערלעכקייט אין אונדזער נייער ליטעראַטור. י. ב.) איז באַדינגט סאַי דורך דער גרויס פֿון קליינבירגערטום, סאַי דורך דער טעמאַטיק, וואָס וואַרט אַף איר קינסטלערישן אויסדרוק".

אַלזאָ 2 פֿאַקטאָרן פֿאַרורזאַכן לויט נוסינאָווס מיינונג די היסטאָרישע נויטווענדיקייט פֿון אַ קליינבירגערלעכער העגעמאָניע אין אונדזער נייער, נאָכאָקטיאַבערדיקער ייִדיש-סאָוועטישער ליטעראַטור: דער ערשטער — אַ ריין סטאַטיסטישער („גרויס פֿונם קליינבירגערטום") דער צווייטער — אַ ליטעראַרישער („די טעמאַטיק").

מיר שטעלן זיך אָפּ פֿריער אַפֿן סטאַטיסטישן פֿאַקטאָר: בעכיין, אין „ייִדישן פֿאָלק" איז דער ראָוו-מיניען און ראָוו-ביניען — דער קליינבירגער.

עמעס, קיינער לייקנט ניט אָפּ. ווען אָבער האָבן מאַרקסיסטן-לענינצעס געבויט זייערע פּערספּעקטיוון אַף אַזאַ מעכאַניש-סטאַטיסטישן אויפֿן?

אינם „רוסישן פֿאָלק" איז אויך דער ראָוו-מיניען און ראָוו-ביניען — דער קליינבירגער — דער פּויער, איז וואָס? מוז עס היסטאָריש-באַדינגען די העגעמאָניע פֿון דער קליינבירגערלעכער סטיכיי אין יענער גרויסער קולטור-רעוואָלוציע, וואָס דאָס „רוסישע פֿאָלק" מאַכט איצט דורך?

נו, און סאָפּקאָלסאָף, איז דאָך דאָס קליינבירגערטום די מערהייט אין אַלוועלטלעכן מאַסשטאַב (צוזאַמען מיט די פּויערישע קאָלאָניעס) וועט עפּשער לויט נוסינאָווס מיינונג דידאָזיקע אַריפֿמעטישע מערהייט-באַדינגען, אַז דער גורל פֿון דער וועלט-קולטור זאָל פֿאַרבלייבן „דערזעלבער", וואָס פֿאַר דעם ניצאָכן פֿונם פּראָלעטאַריאַט?

עס טויג ניט, עס טויג לאַכלוטן ניט אַזאַ מעכאַניש-סטאַטיסטישער מעטאָד אין פֿראַגן פֿון פּערספּעקטיוון!

*) אי. קיפּניס. „כאַדאָשים און טעג". אַ כראָניק. קאָאָפּעראַטיווער פֿאַרלאַג „קולטור ליגע" קיעוו. 1926.

ניִט „דיִ גרויס פֿון קליינבירגערטום״, נאָר אין דער ערשטער ריי דיִ היסטאָרישע פּראָגרעסיוויקייט פֿונם אַרבעטער-קלאַס (כאָטש ער איז אין צאָל קלענער פֿאַרן קליינבירגערטום) — אָט, וואָס עס וועט האָבן צוזאָגן אַפֿן כאַראַקטער פֿון דער נייער ליטעראַטור אינם נאָענטסטן היסטאָרישן פּעריאָד.

מיט „דער גרויס פֿון קליינבירגערטום״ האָבן דאָך אונדז שטענדיק געשראָקן די... מעכאַנישע, פּאַטאַליסטישע „מאַרקסיסטן״, בײַ וועלכע סטאַטיסטישע ציפֿער-קאָלאָנקעס פֿלעגן קיינמאָל ניט באַהויכט ווערן מיטן אַקטיוויזירנדיקן ווילן פֿונם פּראָלעטאַריאַט.

עפּשער אָבער וועט דער צווייטער נוסינאָווס אַרגומענט דער ליטעראַרישער (טעמאַטיק) זיך אַרויסווייזן פֿאַר שטאַרקער און בעעמעס באַדיִנגען, אַז דער גוירל פֿון אונדזער ליטעראַטור זאָל פֿאַרבלייבן דערזועלבער, וואָס פֿאַר אקטיאַבר?

## II. מאַטעמאַטיק און טעמאַטיק „אַף דער יידישער גאַס״.

מיר גייען איצט צו צו זייער אַ וויכטיקער פֿראַגע, אַף וועלכער עס לוינט אַ ביסל גענויער זיך אָפּשטעלן. כ׳ נוסינאָוו האָט וועגן אָט דער פֿראַגע זיך אַרויסגעזאָגט ניט נאָר אינם ציטירטן אַרטיקל פֿון „רויטע וועלט״ נאָר אויך אין דער פֿאָרעדע צו קיפּניסעס בוך „כאַדאָשים און טעג״. אַזוי אַרום האָט כ׳ נוסינאָוו שוין געמאַכט אַפֿילע אַ פּרוּוו אָנצוווענדן זײַן טעאָריע אַף אַ קאָנקרעטער ליטעראַרישער דערשיינונג.

מיר וועלן זיך באַלד פּרוּוון דערווייזן, אַז די „טעאָריע״ פֿונם כ׳ נוסינאָוו איז קיין טעאָריע ניט און זיינע קאָנקרעטע אויספֿירן איבער קיפּניסעס „כאַדאָשים און טעג״ זיינען, ער זאָל אונדז מויכל זיין, קיין אויספֿירן ניט.

אָט וועל איך איבערכאַזערן נוסינאָווס געדאַנקענגאַנג אין דערדאָזיקער פֿראַגע:

„די טעמאַטיק, וואָס וואַרט אַף איר קינסטלערישן אויסדריק — זאָגט כ׳ נוסינאָוו — זי אַליין באַדינגט שוין, אַז דער גוירל פֿון אונדזער ליטעראַטור זאָל פֿאַרבלייבן דערזעלבער, וואָס אין מענדעלעס צייטן, דאָס הייסט. אַז אין אונדזער ליטעראַטור זאָל פֿאַרבלייבן די אירעיִשע העגעמאָניע פֿונם קליינבירגערטום.

וואָס זשע פֿאַר אַ טעמאַטיק אַזאַ איז עס, ראַכמאָנע-ליצלאַן, וואָס באַדינגט שוין, אַז „ווי מיר זאָלן איצט זיך אידעאָלאָגיש און פּסיכאָלאָגיש ניט האַלטן און דערווייטערן פֿון אלעס קליינבירגערלעכעס״, פֿונדעסטוועגן זאָל „דער גוירל פֿון אונדזער ליטעראַטור בלייבן דערזעלבער״ וואָס פֿאַר אָקטיאַבר?

אַלס ענטפֿער דערויף ווייזט אָן כ׳ נוסינאָוו, אַפֿן גרונטכאַראַקטער פֿון אָט דער „רעטזועלהאַפֿטער״ טעמאַטיק: „צוויי גרונט-אויפֿגאַבן — שרייבט ער אינם אויבנדערמאנטן אַרטיקל פֿון „רויטע וועלט״ — שטייען פֿאַרן קינסטלער: איינס — באַווייזן די אימפּעריאַליסטישע און בירגער-מילכאָמע; צוויי — באַווייזן די פּראָצעסן, וואָס קומען פֿאָר אַפֿן באָדן פֿון דער פֿאַרפֿעסטיקונג פֿון דער רעוואָלוציע. נעמען מיר די ערשטע אויפֿגאַבע, — איז דאָס אין דער יידישער סוויווע אַ טעמע אַף 9/10 וועגן די איבערלעבונגען פֿונם בירגערטום״.

און פֿאַרשטייט זיך, אַז אויב „אַף 9/10 איז עס אַ טעמע וועגן די איבערלעבונגען פֿונם בירגערטום״ איז אַל פּי כאָכמעס נוסינאָווס מאַטעמאַטיקע די טעמע אַ קליינבירגערלעכע, און אַלץ, וואָס ווערט געבויט אַף דערדאָזיקער טעמע איז אַף 9/10 קליינבירלעך. יאָ, זייער אַ וואָילער כעשבן, אָבער... אָבער פֿאַרוואָס איז די אימפּעריאַליסטישע און בירגער-מילכאָמע אין דער יידישער סוויווע „אַ טעמע אַף 9/10 וועגן די איבערלעבונגען פֿונם בירגערטום״?

אויב כ׳ נוסינאָוו וויל עס אויסטייטשן דערפֿון, וואָס די אימפּעריאַליסטישע און בירגער-מילכאָמע האָט געהאַט אַף 9/10 אַ שאַיכעס נאָר צום יידישן בירגערטום און ניט צום יידישן אַרבעטער, איז דאָך עס ניט גאָר קיין „וויסנשאַפֿטלעכער״ טייטש, כלעבן! יידישע אַרבעטער האָבן אויך געהאַט אַ „שטיקל״ שאַיכעס צו דער אימפּעריאַליסטישער און בירגער-מילכאָמע, נאָך אַ מין שאַיכעס! מע דאַרף נאָר אָט די שאַיכעס זען!

פֿאַרשטייט זיך, ווידעראַמאָל דאָסועלבע, אויב כ׳ נוסינאָוו וועט וועלן „מיט מאַטעמאַטיק״ באַווייזן, אַז אין דער „מאַיסע״ מיט דער אימפּעריאַליסטישער און בירגער-מילכאָמע איז געווען „פֿאַרמישט״ דאָסראָוו קליינבירגער (ווייל די מערהייט פֿונם יידישן פֿאָלק איז דאָך קליינבירגער!) איז עס אויך אַ קנאַפּער אַרגומענט, מאַכמעס קימאַט אין אַלע אייראָפּעישע לענדער איז דער קליינבירגערלעכער פּויער אַמערסטן געווען „פֿאַרמישט״ אין דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. די מערהייט פֿון דעם סאָלדאַטן-מאַטעריאַל איז דאָך געווען אַ פּויערישע!

איז וואָס איז דערפֿון געדרונגען?

אַז שרייבן וועגן אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, אָדער וועגן בירגער-קריג הייסט אומבאַדינגט שרייבן וועגן „איבערלעבונגען פֿון בירגערטום״?

כ׳ נוסינאָוו האָט נאָך אבער אַ וועג אַף אָפּצוטרעטן, ער פֿאַרמאָגט נאָך אין רעזערוו אַ גאַנץ פעקל זייער וויכטיקע טעמעס, וואָס אַרבעטער האָבן צו זיי „אַוואַדע און אַוואַדע״ קיין שאַיכעס ניט, לעמאָשל „די גרונט-קאַטאַסטראָפֿעס״ פֿונם יידישן לעבן: „היימלאָזיקייט, פּאָגראָמען, עקאָנאָמישע צעבראָכנקייט״. און כ׳ נוסינאָוו צורעט זיך נאָך דרייסטער:

„אָבער דער עצעם רוישטאָף, דער עצעם פאַקט, וואָס דאָ האַנדלט זיך אין קינסטלערישן אויסדריקן אַ קאַטאַסטראָפע פֿון אַ שיכט, וואָס קומט דורך די צוואַנגען פֿון דער געשיכטע צוצופּאַסן זיך צו דער רעוואָלוציע און ניט פֿון קלאַס. וואָס זיין היסטאָרישער באַרוף איז צו מאַכן די רעוואָלוציע—אָט דער עצעם גרונט-פאַקט באַדינגט, אַז אָט די ליטעראַטור קאָן ניט זיין אַזעלכע, ווי דאָס פאַרלאַנגען פֿון איר די יידישע מאַפּאָוצעס (די איצט שוין וואַפּאָוצעס)״.

וואָס „פֿאַרלאַנגען״ די יידישע מאַפּאָוצעס, דאָס הייסט, די בויער פֿון דער יידישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור?

זיי „פֿאַרלאַנגען״, אַז דער מאָדערנער קינסטלער זאָל זיך שטעלן אַפֿן שטאַנדפּונקט פֿונם פּראָלעטאַרישן אַוואַנגאַרד און מעמילע געבן ווערק אַזעלכע, ווו דער גרונט-טאָן איז אַ פּראָלעטאַ-

ריִשער, אַ קאָמוניִסטיִשער. האַלט אָבער כ׳ נוסיִנאָוו, אַז דאָס איִז אומעגלעך, מאַכמעס די טעמע אַליין „יידיִשע קאַטאסטראָפעס״ שליִסט אויס אַ פּראָלעטאַריִשע עמאָציאָנעלע גרונט-באַפאַרבונג. אַ ביישפּיִל ברענגט כ׳ נוסיִנאָוו פֿון די יידיִשע פּאָגראָמען איִן אוקראַינע:

„ווען דער יידיִשער, אָדער אוקראַיניִשער קיִנסטלער וועט געבן דעם קיִנסטלעריִשן אויסדרוק פֿון דער קאַטאַסטראָפֿע איִן אוקראַינע איִן 1919 יאָר, ווי אויך פֿון פּראָצעס פֿון דער נייער צוזאַמענלעבונג פֿון דער יידיִשער און אוקראַיניִשער באַפֿעלקערונג נאָך אָט דע״ קאַטאַסטראָפֿע וועט ער, ווי מיִר האָבן שוין איינמאָל אָנגעוויזן ווייט ניִט קאָנען זיין אַזוי אידעאָלאָגיִש-גראַדליִניִק ווי דער לאָזונג פֿון דער איִנטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-בריִדערשאַפט״ („נוסינאָוו, פֿאָרעדע צו קיִפּניִסעס בוך „כאַראָשיִם און טעג״)

דער קיִנסטלער-סאַי דער יידיִשער, סאַי דער אוקראַיניִשער וועט, הייסט עס, זיין געצוווּנגען איִן זיינע ווערק אָפּטרעטן פֿונם „אידעאָלאָגיִש-גראַדליִניִקן לאָזונג פֿון דער איִנטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-בריִדערשאַפט״ וווּהיִן? צו וועלכן לאָזונג וועט ער מוזן אָפּטרעטן?

אַלס ענטפֿער דאַרויף ציִטיִרט כ׳ נוסיִנאָוו האָפּשטיינען, וועלכער האָט, לויט נוסיִנאָווס מיינונג „דיִכטעריִש דאָס גאַנצע לאַנד (אוקראַינע. י. ב.) צום שאַנד-סלופּ צוגעקלאַפּט״. כ׳ נוסיִנאָוו גיִט צו דערביי:

אַזעלכע טענער און פֿאַרבן (צום שאַנד-סלופּ צוקלאַפּן גאַנץ אוקראַינע. גאַנץ א.ס.ס.ר. י. ב.) וועלן מוזן זיין, אויב מע וועט וועלן דיִכטעריִש ווייזן ווי בלוטיִק דער ווייטיִק פֿון צוויי פֿעלקער איז געווען, אַנדערש וועט מען בלויז שלעכטע בעלעטריִסטיִשע לייט-אַרטיִקלען געבן און, וואָס נאָך וויִכטיִקער, אַנדערש וועט מען אויך דיִכטעריִש ניִט געבן די שעפֿעריִשקייט פֿון דער רעוואָלוציאָנערער אויפֿלעבונג פֿון די צוויי פֿעלקער נאָך דער קאַטאַסטראָפֿע״.

כ׳ האָפּשטיין האָט אַפּיִלע איִן אַן אָפֿענעם בריִוו איִן כאַרקאָווער „שטערן״ געמאָלדן, אַז ער האָט לאַכלוטן ניִט געמיינט „דיִכטעריִש דאָס גאַנצע לאַנד צום שאַנד-סלופּ צוקלאַפּן״, ער, האָפּשטיין, איִז גאָר ניִט אַזאַ „גאַזלען״. כ׳ נוסיִנאָוו בלייבט אָבער באַ זיין אומבעראַכמאָנעסדיִקן געזעץ: וויִלסטו שרייבן גוטע לידער און ניִט קיין „שלעכטע בעלעטריִסטיִשע לייט-אַרטיִקלען״, וויִלסטו געבן „די שעפֿעריִשקייט פֿון דער רעוואָלוציאָנערער אויפֿלעבונג״, מוזטו „צוקלאַפּן צום שאַנדסלופּ גאַנץ אוקראַינע״, מוזטו זיִך אָפּזאָגן פֿונם „אידעאָלאָגיִש-גראַדליִניקן לאָזונג פֿון איִנטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-בריִדערשאַפֿט״!

דו מוזט, מאַכמעס די טעמאַטיִק, ראַכמאָנע ליִצלאַן, איִז שוין אַזאַ: „וועגן יידיִשע קאַטאַסטראָפֿעס״!

פֿאַרשטייט זיִך, דער אוקראַיניִשער קיִנסטלער, אויב ער וויִל אויך זיין אַן עכטער קיִנסטלער און ניִט שרייבן „שלעכטע בעלעטריִסטיִשע לייט-אַרטיִקלען״, ער וועט פֿון זיין זייט אויך מוזן, לויט נוסיִנאָווס נוסעך, זיִך אָפּזאָגן פֿונם „אידעאָלאָגיִש-גראַדליִניקן״ איִנטערנאַציאָנאַליזם״, און „צוקלאַפּן צום שאַנד-סלופּ״ דעם... זשיִדאָווסקן קאַהאַל!...

שאַ, אויב איִר וויִלט אַ פֿאַקטיִשן באַווייז, אַז דיִדאָזיקע טעאָריע איִז אַן „אָביעקטיִוו-ריִכטיקע״ ברענגט אייך כ׳ נוסיִנאָוו אַ בעפֿיירעשן פֿאַקט מיִט אַ געשיִכטע פֿון צוויי יידן, וואָס האָבן זיִך נויקעם געווען „פֿאַרן פֿאָלק ייסראָעל״ און דערהאַרגעט אַ פּעטלורעוועץ, ווענען די ראַטן-מאַכט האָט אַמניִסטיִרט...

יאָ, ניִט נאָר 2 יידן באַשטעטיִקן עס, עס ווערט באַשטעטיִקט אויך דורך אַ יידיִשן שרייבער, וועלכער האָט, לויט נוסיִנאָווס טעאָריע, געגעבן „דעם קיִנסטלעריִשן אויסדרוק פֿון דער קאַטאַסטראָפֿע איִן אוקראַינע, איִן 1919 יאָר״,—כ׳מיין דאָ קיִפּניִסן און זיין בוך „כאַדאָשיִם און טעג״.

דער הויפּט-העלד פֿון דער דערציילונג—אַ האָרעפּאַשניִק אַ גאַרבער—לעבט איִבער אַ פּאָגראָם איִן זיין שטעטל. ער קערט זיִך אום אַהיים נאָכן פּאָגראָם, דערוויִסט זיִך וועגן דער שרעקלעכער שכיִטע, און רעט אַזעלכע דיִבוריִם:

„אַזוי גיִך האָט זיִך עס אופגעטאָן און איִך האָב ניִט ווענען אַפּילע אַ פֿרעג טאָן: איִז ווען זשע וועט מען קוילן שיִקסעס? אַזוי זיִך. פּראָסטע און גרויסע שיִקסעס? אָט אַזעלכע פּראָסטע, ווי נאַפּטאָלע יאָשקעס מיידל פֿון אונטערן טייך, די שניידערקע, און בכלאַל, וועלכע סוועלן נאָר קומען אונטערן האַנט—ווען וועט מען זיי קוילן? („כאַראָשיִם און טעג״ זייטל 137).

שפּעטער אַביִסל ווערט זיין צאָרן שטאַרקער און זיין שפּראַך קימאַט ביאַליִקיש—נעוויִאיִש!

און איִר, גאָיִם, שכייניִם מיינע געטרייע, איר האָט כאָטש בי ארומגעוויִשט די קאָסעס מיִט די מעסערס, צי איר האָט זי פֿאַרטראָגן איִבייִנעם מיִט מיין בלוט צו זיִך אַהייִם? גאָיִם, שכייניִם מיינע געטרייע, זאָלן פֿון אייך פֿאַלן שטיִקער! פֿון אייך, פֿון אייערע ווייבער און קיִנדער. ווו איִר וועט זיִך, ניִט קערן און ווענדן״ (זייטל 137).

מיִר פֿיִלן זיִך עפּעס ניִט גאָר מיִט אַלעמען נאָך אָט דיִדאָזיִקע שורעס. מיִר דערמאָנען זיִך ענלעכע טענער פֿון „שפֿוך חמתך״ איִן דער „יידיִשיִסטיִשער קליינביִרגערלעכער פּאָגראָם-ליִטעראַטור (באַ ל. שאַפּיִרא, לעמאָשל) און מיִר פּרוּוון עפּענען אַ מויל: „גאָיִם״?!... „פֿאַלן שטיִקער״?!... „קוילן שיִקסעס״?!...

מיִר כאַפּן אָבער באַלד אַ „מאַרקסיִסטישן״ אָפּשניִט פֿונם בויגעוודיִקן כ׳ נוסינאָוו, וועלכער ווייסט, אַז איִן אַזעלכע פֿאַלן קאָן מען ניט זיין „אידעאָלאָגיש-גראַדליִניק״, אויב מע וויִל בלייבן אַ קיִנסטלער און ניט שרייבן „שלעכטע בעלעטריִסטישע לייט-אַרטיִקלען״. מע מוז, הייסט עס, אַזוי...

איִצט איִז אונדז געבליִבן בלויז צו רעזומיִרן דעם אויבנדערמאָנטן נוסיִנאָווס געדאַנק וועגן דער טעמאַטיִק, וואָס באַדיִנגט אומפֿאַרמיידלעך, אַז איִן אונדזער ליִטעראַטור זאָל פֿאַרבלייבן די העגעמאָניע פֿונם קליינביִרגערטום. איִן קורצן הייסט עס אַזוי: די גרונט-טעמעס, וואָס שטייען פֿאַרן יידישן קיִנסטלער—די טעמעס פֿון אימפּעריאַליסטיִשער און ביִרגער-מילכאָמע, די טעמעס פֿון „יידיִשע קאַטאַסטראָפֿעס״ (היימלאָזיקייט, פּאָגראָמען, עקאָנאָמישער כורבן) האָבן צוטאָן מיט קליינבירגער און דעריִבער וועט די ליטעראַטור מעמיילע זיין אַ קליינביִרגערלעכע אַף צולאָכעס אַלע יידיִשע און ניִט יידיִשע וואַפּאָוצעס און בויער פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור

לאָמיר אַקאָרשט זען, צו עס זיינען פֿאַראַן ביכלאַל אַזעלכע טעמעס, וואָס מוזן אומבאַדינגט ברענגען צו קליינבירגערלעכער ליטעראַטור לויט זייער עצעם רוי-שטאָף?

## III. שיר האַשירים און קאַמינטערן.

אין זיין פֿאָרעדע צו קיפּניסעס בוך „כאַדאָשים און טעג" האָט כ׳ נוסינאָוו געפּרוּווט אַף אַ קאָנקרעטן ליטעראַרישן מאַטעריאַל צו דערווייזן די ריכטיקייט פֿון זיין טעאָריע, אַז טעמעס, וואָס באַרירן דאָס לעבן פֿון קליינבירגער, מוזן אומבאַדינגט ברענגען צו קליינבירגערלעכער ליטעראַטור (ליטעראַטור מיט קליינבירגערלעכער אידעאָלאָגיע).

ווי האָט עס געטאָן כ׳ נוסינאָוו?

גאַנץ פּאָשעט. ער האָט זיך באַקאָנט מיטן סיפּער-האַמאַיסע פֿון קיפּניסעס דערציילונג „כאַדאָשים און טעג". פֿון דערדאָזיקער באַקאַנטשאַפֿט איז דעם כ׳ נוסינאָוו קלאָר געוואָרן, אַז די האַנדלונג פֿון דער דערציילונג קומט פֿאָר אין אַ פֿאַרוואָרפֿן יידיש שטעטל — סלאָוועשנע, דאָס דאָזיקע שטעטל סלאָוועשנע „האָט אין 1919 יאָר פֿאַרמאָגט דעם סאָציאַלן באַוווּסטזיין פֿון קאַסריִלעווקע אין דרייפֿוּסעס צייטן"—גיט צו פֿאַרשטיין כ׳ נוסינאָוו.

דאָס שטעטל ווייסט ניט פֿון קיין שום רעוואָלוציעס. מע ווייסט נאָר, אַז „מע פֿילט עפּעס יעשועס אַף יידן". דערווייל גייט זיך דאָס לעבן ווי געווען. „פֿרייטיק איז פֿרייטיק". עס שמעקט „מיט קיכל און מיט צימרינג און מיט פֿאַרטיקע געפּרעגלטע קאשניקעס צום אָנבייסן און דורכן קליינעם קיך-פֿענצטערל זעט מען, ווי ס׳הייצט זיך די באָד"... (ז. 14).

דידאָזיקע ווינקל-אידיליע ווערט אַף קיין רעגע ניט איבערגעריסן דורך א י נ ע ר ל ע כ ע, סאָציאַלע פֿאַרוויקלונגען, האַגאַם די סוויווע איז אַ גאַנץ האָרעפּאַשנע—אַ סוויווע פֿון גאַרבעראַרבעטער, מיט איין וואָרט, אַ סוויווע, וואָס האָט געקאָנט אויפֿרייסן פֿ וּ ן א י נ ע ו ו י י נ י ק די קאַסריִלעווקער-אידיליע אין אַזאַ שטורמישן 1919 יאָר. בלויז איינמאָל ווערט דערמאָנט וועגן איינעם מאָטל, וועלכער „הז״לט נאָך אַלץ מילכאָמע. ער איז אין אַ באָלשעוויסטישן פּאָלק און שרייבט אהיים פֿריילעכע בריוו". יאָ, אַ כוץ דעם ווערט צום סאָף אין קלאַמערן דערמאָנט, וועגן נאָך אַן אויסנאָם פֿון דער אידיליע—איצכאָק-בער העלפֿאַנט, וועלכער גייט אַוועק פֿרייוויליק צו די באָלשעוויקעס און קומט אָן מיט זייער אָטריאַד קיין סלאָוועשנע. איז ער אָבער ניט קיין סלאָוועשנער!

סלאָוועשנע פֿון 1 9 1 9 י אָ ר ליגט „ווי אַ וואָרים אין כריין", ווי אין די אַלטע מענדעלעס צייטן. ווען ווערט סלאָוועשנע אויפֿגערודערט? ווען ס׳קומט אַ פּאָגראָם.

„אַ ווינקל פֿון יאָר 1919"—האָט עס אָנגערופֿן כ. נוסינאָוו.

וואָס הייסט אַ ווינקל פֿון 1919? נו, אין 1909, וואָלט אַזאַ ווינקל געהאַט אַן אנדער אויסזען? עפּעס איז דאָך דער 1919 צו עפּעס נייעס מעכאַיעוו!

און אַז מען רעט שוין יאָ וועגן אַ ווינקל פֿון 1919 יאָר, מוז מען דאָך אין דער ערשטער ריי אונטערשטרייכן, ו וָ אָ ס פֿ אַ ר אַ ווינקל פֿון ס ט י ר ע ס פֿ וּ ל ן, פֿ י ל פֿ אַ רביקן 1 9 1 9 י אָ ר דער מעכאַבער האָט געגעבן.

קיפּניסעס ווינקל פֿון 1919 יאָר איז גאָר אַן אויסטערלישער. סלאָוועשנע איז דאָך אינגאַנצן קימאַט אויסער יעדערווירקלעכקייט פֿון 1919 יאָר, אויב ניט רעכענען די פּאָגראָמען (פּאָגראָמען איז ניט דער כ אַ ר אַ ק ט ע ר י ס ט י ש ע ר ש ט ר י ך פֿון 1919 יאָר!) טאָ ווי קומט עס איצט ביקלאַל אין אונדזער ליטעראַטור?

כ׳ נוסינאָוו איז אַ מענטש אַ באָקי אין מאַירעוו-אייראָפּעישער ליטעראַטור ברענגט ער באַלד אַ ראַיע פֿון די „גאָאָנים". אָט לעמאָשל, זאָגט ער, איז דאָסזעלבע געווען מיט אַלפֿאָנס דאָדע, וועלכע איז געקומען מיט זיינע „בריוו פֿון מיל", נאָך דעם ווי פֿראַנקרייך האָט שוין איבערגעלעבט 3 רעוואָלוציעס. און דאָס איז געווען „אַ צירונג-בלעטל אין דער פּראַנצויזישער ליטעראַטור":

> „אַן עלעגיע אין פּראָזע וועגן דעם הערלעכן גלויבן פֿון אלטן פּראָווּאַנסאַלער מילנער, אַז די דאַמף-מילן מוזן באָטל ווערן און מע וועט זיך מוזן אומקערן צוריק צו אים און צו זיינע ווינט-מילן".

אַזוי, הייסט עס, איז לויט נוסינאָוון גאַנץ נאַטירלעך, וואָס קיפּניסעס ווינקל פֿון 1919 יאָר האָט קיין שום שאַיכעס ניט צום 1919 יאָר און שלעפּט צוריק צו דער „אַלטער מיל"...

אַ מאָשל ניט גאָר קיין געהויבענער.

כ׳ נוסינאָוו האָט דאָך ניט באַדאַרפֿט צוליב דעם אַזש אָנשפּאַרן צו די פּראַנצויזן. העלעי, לעמאָשל, יעסענין: ער איז געקומען נ אָ ך דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע און געקעמפֿט קעגן „שטאָלענעם פֿערד"—דער מאַשין הייסט עס, אין נאָמען פֿון זיין פויערשן פֿערדל און פויעריש-שטרויענער „רוס" — נו איז וואָס? איז די מאַרקסיסטישע קריטיק אָפּגעקומען בלויז מיט זאָגן, אַז יעסענין האָט געגעבן אַ „ווינקל פֿון 1919 יאָר"? פֿאַרקערט, די מאַרקסיסטישע קריטיק האָט דערקלערט, אַז יעסענין איז אומגעקומען (דיכטעריש אומגעקומען!), טאָקע ווייל ער האָט געגלויבט ווי יענער דאָדעס מילנער, אַז „די דאַמף-מילן וועלן מוזן באָטל ווערן, און מע וועט זיך מוזן אומקערן צוריק צו אים און צו זיינע ווינט-מילן". ער איז אומגעקומען טאָקע, ווייל זיין אויג איז געווענדעט געווען אַף אַזאַ „ווינקל", וועלכער געהערט אָביעקטיוו-היסטאָריש צו די ש י ר אַ י ם פֿון אַן אַלטער טקופֿע. און אַף שיראַים קאָן קיין עכטער רעוואָלוציאָנערע דיכטער קיין טראָפּ ניט שטעלן. דער רעוואָלוציאָנערער דיכטער ז ע ט, פֿ אַ ר ש ט ע ט זיך א ו י ך ד י ד אָ ז י ק ע ה י ס ט אָ ר י ש ע „ש י ר אַ י ם" (אידיליע, אַנאַרכאָ-אינדיווידואַליזם, אויסגעלאַסענער ציניזם) אַף זיי ווערט אָבער ניט זיין עמאָציאָנעל-קינסטלערישער ט ר אָ פּ געשטעלט.

מונטערן קיפּניסן, אַז בעכיין, דאָדעס מילנער האָט אויך געשלעפּט צוריק, ווי לעמאָשל קיפּניסעס סלאָוועשנע שלעפּט צוריק צו קאַסריִלעווקע — איז ניט מאַרקסיסטיש און דעריבער ש ע ד ל ע ך.

אַזוי האַלט עס מיט דער פֿראַגע וועגן אויסוואַל פֿון „ווינקל". די פֿראַגע פֿון קינסטלערישן אויסוואַל איז ענג פֿאַר-

בונדן מיִט דער פראַגע וועגן דער אידעאָלאָגיע פונם קיִנסטלער. לויטזיין אידעאָלאָגיע שטעלט דער קינסטלער זיין קיִנסטלעריִשן טראָפּ אַף דעם, אָדער אַף יענעם וויִנקל: איינער שטעלט דעם קיִנסטלעריִשן טראָפּ אַף די כּורוועס, דער צווייטער—אַף די גראָזן, וואָס שפּראָצן אַף די כּורוועס.

אָבער לאָמיִר איצט נעמען דיִזעלבע פראַגע פון „וויִנקל" פון אַ צווייטער זייט. נו, און אַז דער קיִנסטלער האָט שוין, צוּ-ליִב, די אָדער יענע סיִבּעס, געגעבן דעם וויִנקל פונם אַלטן פּראַ-וואַנסאַלער מיִלנער, אָדער דעם וויִנקל פון פאַרצייטיִקן סלאָוויעש-נע — ציִ הייסט עס אַז אָט די טעמע מוז שוין אומבאַ-דיִנג ברענגען צו קליינבירגערלעכקייט. נו, און די עמאַציאָנעלע באַפאַרבונג, וואָס דער שרייבער גופא לייגט אַרוף אַפן מיִלנער און אַף סלאָוועשנע? דער שרייבער איז דאָך ניִט קיין פאָטאָגראַף, אָדער אַ קאָפּיר-מאַשיִן. דער שריי-בער ליִבּט דאָך זיינע פיִגורן אָדער ער האַסט זיי. אָטאָ די עמאַציאָנעלע באַפאַרבונג איז דאָך פאַראַן אין יעדן קונסט-ווערק.

אָטאָ די פּערזענלעכע עמאָציאָנעלע באַפאַרבונג און ניִט די טעמע באַשטימט די אידעאָלאָגיע פונם ווערק. מיר וויסן וועמען עס געהערן פּערעצעס סימפּאַטיעס: ניט דעם בריסקער ראָוו, נאָר דעם ביאַלער רעבן — דאָס באַשטימט די אידעאָלאָגיע פון דער דערציילונג „צוויִשן צוויי בערג" און ניִט די עצם טעמע.

וועגן סלאוועשנע קאָן מען שרייבן אַזוי, אַז אַן אידיִליִשער טמיִמעסדיִקער כיין זאָל ליִגן אויסגעגאָסן אַף איר—מע קאָן אָבער אויך אזוי שרייבן וועגן סלאָוועשנע, אַז אַן עקל זאָל ארומכאַפּן דעם לייענער פון אָטאָ דעם שטעטלדיִקן פרייטיִק מיט די קיִכל מיִט ציִמריִנג און פון אָטאָ דער אידיִליע פון האָניִק-כוידעש באַ דער יונגער פּאָר-פאָלק בוזי און אייזיִק (אַ באַלעבאַטיִשער האָניִק-כוידעש אַפן פאָן פון 1919 יאָר!) און פון אָטאָ דער איידע ייִדן, וואָס וואַרטן אַף „יעשועס" פון רוס-לאַנד און ספּעקוליִרן מיִט זאַלץ און פרעגלען „וואַרעניע" און לויפן פון פּאָגראָמען.

כ' נוסיִנאָוו פאַרשווייגט אָבער אינגאַנצן אָט די פראַגע. אים איז אינטערעסאַנט בלויז מאַרקסיִסטיִש צו דערוויזן, אַז קיִפּניִס האָט געמוזט געבן אָטאָ די קליינבירגערלעכע אידיִליע מיִט דער פיִלאָזאָפיע וועגן „קוילענע שיִקסעס".

כ' נוסיִנאָוו ווייסט דאָך, אַז „דער זיין באַשטיִמט דעם באַוווסטזיין" מאַכט ער באַלד דעם געהעריִקן אויספיר: אויב ס'איז פאַראַן נאָך ערגעץ אַ שטיִקל קאַסריִלעווקער „זיין", דאַרף עס באַדיִנגען אַ קאַסריִלעווקער „באַוווסטזיין". איז אָט, אין איי-נעם אַזאַ „אָפּגעזוכטן" „וויִנקל פון 1919 יאָר"—אין סלאָוועשנע—לעבט אַ גאַרבער אייזיִק, האָט ער ליִב זיין ווייבל בוזי. וואָס שאַיעך ליִב? מאַמעש אָנצוקוועלן, צוקוקן זיך ווי זיי פאַרברענגען זייער „פערמאַנענטן האָניִק-כוידעש".

אייזיִק דער גאַרבער וואָלט אַ גאַנצן טאָג ראַק געזעסן מיִט זיין יונג ווייבל (זעט, זי רויטלט זיִך!) און נאַכעס געהאַט פון

אירע „ציִצענע קליידלעך". נאָר, ווי, וויי! די פּאַרנאָסע טרייבט אַף אַרבעט, און אייזיִק „דענקט":

„האָט איר שוין געזען אמאָל אַזאַ מאָרנע וועלט, דאַכט זיך, מיין בוזיִ? אַלע וויסן? נאָר איצט איז קיינער ניִט מיינער, איצט דאַרף איך גיך לויפן אין זאַוואָד אריין. אַזש טרערן וואַרגן מיך אין האַלדז פאַר פאַדראָס"... (ז. 17)

פיִלאָזאָפיע אַהער, פיִלאָזאָפיע אַהין — אַף אַרבעט מוז מען אָבער גיין.

דערפאַר, אַז עס קומט שאַבעס-קוידעש, קאָן דער גאַרבער אייזיִק אויסדריִקן זיין גאַנצע ליִבע צו בוזין.

„בוזילע לייגט אַוועק אַ שאַל אַפן ריינעם דיל, לייגט אַוועק אַ קישן און שרייט אף מיר אָן, אַף צוקלוימערשט ווי אַ גרויסע. (זייטל 22).

נו, פאַרשטייט זיך... אַ יונגע פּאָר פאָלק... אין 1919 יאָר! פאָרט רעוואָלוציע! איז כאַרפּע—אָן דער זייט. האַלדזט מען זיך און מע קיִכלט זיך. בעט זי, זאָל געזונט זיין, בוזילע, הייסט עס, אַז ער, אייזיִק, זאָל געזונט זיין, זאָל איר דערציילן אַ מאַיסעלע.

„דערצייל איך איר, אַז אַמאָל איז געווען, איז געווען, איז געווען באַ אַ ווייבל אַ קליין מיידעלע. .

— ווי אזוי האָט זי געהייסן?

— בוזילע — — —

— אַי, שוין, שוין, ער פאַדרייט!

און זי כאַפּט מיך דרייען פאַרן אויער. אויב ניט, זאָלן מיר אָפּ-מעסטן באַ וועמען איז די נאָז אַ לענגערע!

פאַרשטייט זיך, אַז מיין נאָז איז דריי מאָל אזוי די לענג ווי אירע... (זייטל 23).

דערנאָך, אַז מע מעסט זיך אָפּ די נעזער, קומט אַריין די מאַמע און מע זעצט זיך טריִנקען, לעקאָוועד שאַבעס, טיי מיִט איינגעמאַכטס...

איז אָט, באַ כ' נוסיִנאָוון הייסט דאס אלץ, אַז קיִפּניס האט געגעבן דאָ אַ מין טמיִמעסדיִקע קינדער-ליִבע ווי אין שאָלעם-אליִיכעמס „שיר-האַשיִרים" און אַנדערש האָט ניִט גע-קענט זיין:

„דער וויִנקלדיִקער פאַרצייטיִשער מאַטעריאַל—שרייבט נוסיִנאָוו—האָט געפאָדערט (!) דעם שרייבערס אויג זאָל זיין געווענדעט אַף „אַ בלעטל שיר-האַשירים" און ניִט אַף „גאַלאָפּ", פּונקט ווי דאָס, וואָס סלאָוועשנע לעבט מיִט פאָרשטעלונגען נעענטער צו מענדעלעס צייטן, ווי צום 1919, האָט גע-פאָדערט, אַז דער קעגנזייטיִקער קוק פון ייִדישן און "גאָישן" סלאָ-וועשנע זאָל זיין נעענטער צום טאָן פון שאָלעם-אליִיכעמס „לאַגבוימער" ווי צו דער שפּראַך פון קאָמיִנטערן".

אַוואַדע איז דער מאַטעריאַל אַ וויִנקלדיִקער פאַרצייטיִשער, אָבער צו דען איז אומעגלעך, אַז צום זעלבן „וויִנקלדיִקן פאַרציי-טיִשן מאַטעריאַל" זאָל צוגיין אַ שרייבער מיִט אַזאַ אויג-איינ-שטעלונג, אז דער האָניִק-מאָנאַט פון אייזיִקן און בוזין זאָל זיִך אַנטפּלעקן אין זיין גאַנצער באַלעבאַטיִשער זיִסקייט און אַף סלאָוועשנע זאָל זיִך פיִלן דער הויך פון 1919 יאָר, דער חויך פון קאָמיִנטערן?

און דאָ אין דער דערציילונג האָט עס בעעמעס געמוזט זיין. די דערציילונג ווערט דאָך געפיִרט אין ערשטער פּערזאָן, פונם מעכאַבער, פון קיִפּניסן גופא. ער דערציילט וועגן זיינע איִבערלעבעניִשן. ער „האָט זיך ניִט אוועקגע-שטעלט דיִכטעריִש אין אַ זייט", ווי ס'ווייזט אָן אליין כ' נוסיִנאָוו—ער

איז עס—אייזיק דער גאַרבער. טאָ פאַרוואָס האָט זיין קינסטלע-רישער אויג אין 1926 יאָר (!!) געמוזט זיין געווענדעט אַף „שיר-האַשירים“ און ניט אַפן קאָמינטערן, טאַקע פאַרוואָס?

איז טאַקע די מאיסע אַזוי, אַז קיפניס האָט מיט זיין קורס אַף „שיר-חאשירים“ און סלאווישנער באַגרענעצטקייט זיך צונויפגעגאָסן מיט סלאָוועשנע און ניט באַהערשט זי.

קיפניס האָט רעאַביליטירט סלאָוועשנע-קאסרילעווקע אין 1926 יאָר!

## IV. וועגן אינערלעכן קונסט-עמעס.

קיפניס האָט קינסטלעריש רעאַבילירט סלאָוועשנע—קאַסרילעווקע, קיפניס האָט רעאַביליטירט די סענטימענטאַלע און נאַצאָנאַליסטישע באַלעבאטישקייט אַפן פאָן פונם הערא̇ישן 1919 יאָר.

אָבער קיפניס ווייסט, אַז אַ רעאַביליטירטע סלאָוועשנע וועט דער מאָדערנער לייענער ניט אויפנעמען,—מאכט ער אייניקע קינסטלערישע סאַלטאָ-מאָרטאַלע, קאָקעטירט ער מיט „רעוואָלוציאָנערע“ אידייען און סאָפקאָלסאָף פאַרשרייבט ער זיך אַלס פרייוויליקער אין דער רויטער אַרמיי— „אין דער לייזיקער און זוניקער, אין דער רויטער !... אַרמיי“!...

מיט דידאָזיקע ווערטער ענדיקט קיפניס זיין דערציילונג.

אָט דערדאָזיקער „ר-רעוואָלוציאָנערער“ סאָף און אָט די פארשיידענע „אידייען“, מיט וועלכע קיפניס באשענקט זיין פאָשעטן סלאָוועשנער באלעבעסל, שטעלן איצט פאַר אונדז אַ צווייטע פראַגע: שוין ניט וועגן דער „אידעאָלאָגיע“ פון קיפניסעס „כאַדאָשים און טעג“, נאָר וועגן זייער קינסטלערישן ווערט. עט שטעלט זיך די פראַגע, צי האָט קיפניס אין זייגע „כאַדאָשים און טעג“ געגעבן דעם אינערלעכן „קינסטלערישן עמעס“.

אָט דער קינסטלערישער עמעס, די אינערלעכע קינסטלערישע גאַנצקייט און אויפריכטיקייט איז, אין דער ערשטער ריי דער קריטערי פון קינסטלערישקייט אין יעדן קונסט-ווערק.

ער באַשטייט אין יענער אינערלעכער געזעצמעסיקייט, אין יענער אינערלעכער קאָנסעקווענטקייט, וואָס כאַראַקטעריזירט יעדן בעעמעס גרויסן קונסטווערק. אין קונסט-ווערק טאָרן ניט זיין קיין סוזשעטישע צופעליקייטן, עס טאָר ניט זיין קיין ניט-מאָטיווירטע האנדלונג, קיין מינדסטער ניט מאָטיווירטער זשעסט, קיין מינדסטער ראַץ אין דער גאַנצקייט פון דער סוזשעטישער קאָנווע.

אויב אָט די אינערלעכע קינסטלערישע-געזעצמעסיקייט און מאָטיווירטקייט איז פאַראַן, אויב דער אינערלעכער קינסטלערישער עמעס איז פאַראן, דענסמאָל איז פאַר דער פאָרמעלער אָפשאַצונג פון ווערק ניט וויכטיק, צי די געשעענישן אין ווערק אַנטשפרעכן דער אָביעקטיווער לעבן-ווירקלעכקייט, צי ניט.

צי איז אַזאַ אינערלעכע פאָעטישע ווארהאַפטיקייט פאַראַן אין קיפניסעס „כאַדאָשים און טעג“—דאָס אינטערעסירט אונדז איצט, ווען מיר גייען אַריבער צו דער פאָרמעלער אָפשאַצונג פון קיפניסעס בוך.

ווי אַזוי איז דאָסדאָזיקע בוך אָנגעשריבן, צי איז גאַנץ זיין סוזשעט-קאַנווע, צי איז בעעמעס, ווי נוסינאָוו זאָגט, אָרגאַניש זיין סטיל און געזעצמעסיק דער אינערלעכער גאַנג פון דער האַנדלונג?

כ׳ נוסינאָוו האָט אַף דידאָזיקע פראַגן געגעבן אַ ריי ענטפערן, וואָס דערמאָנען אינם ווערטל: „וואָס פאַר א נארישקייט דו זאָלסט ניט אָפטאָן—זיי זיכער, אַז ס׳וועט זיך אָפזוכן אַ פראָפעסאָר, וועלכער וועט עס וויסנשאַפטלעך באגרינדן“.

אַלעמען איז באקאנט די אָנגעווייטיקטייט פון דער סוזשעט-פראָבלעם, ניט נאָר אין דער יידישער, נאָר אויך אין דער מאָדערנער רוסישער ליטעראַטור. אונדזער ליטעראַטור ליידט אף סוזשעט-אָרעמקייט, סוזשעט-פלאַכקייט. אונדזערע פראָזאַיקער גיט זיך נאָך אַדהאַיאָם זייער שווער איין די אַרכיטעקטאָניק, דער געבוי פון סוזשעט. ניט דאָ איז דער אָרט וועגן דעם גענויער צו ריידן, אָבער קלאָר איז עס פאַר יעדן, וועלכער אַרבעט אַפן געביט פון ליטעראַטור.

פון דער אומפעיקייט צו בויען אַ פאַרגאַנצטן קאָמפליצירטן און שפאַנעדיק-פאַרוויקלטן סוזשעט נעמען זיך די פארשיידענע טעאָריעס וועגן „צעמישן די פלאכן“, „ברעכן די קאָנסטרוקציע“ און געבן „מאַטעריאלן צו אַ ראָמאן“ אָנשטאָט אַ ראָמאן (לע-מאָשל פילניאַק אין דער רוסישער ליטעראַטור און אַ גרויסער טייל פון אונדזער גאַנצער נייער יידיש-סאָוועטישער פראָזע).

קיפניס איז אין זיין „כאַדאָשים און טעג“ אויך ניט בע-קויעך געווען אויסצובויען אַ שלאַנקן סוזשעט און אָנשטאָט דעם געגעבן אַ ריי איינצלנע בילדלעך, וועלכע זיינען פאַרבונדן בלויז דורכן דערציילער — אַייזיק דער גאַרבער. קיפניס האָט, ווי עס שיינט, דעמדאָזיקן כיסאָרן געפילט און דעריבער אָנגערופן זיין דערציילונג—„אַ כראָניק“, וואָס הייסט „מאַטעריאַלן צו אַ ראָמאַן“.

זעט אָבער ווי כ׳ נוסינאָוו סטאַרעט זיך פון אָט דעם כיסאָרן אַרויסקוועטשן אַ גאַנצע וויסנשאַפטלעכע טעאָריע! ער שרייבט:

„האָט די קינסטלערישע פאַרקערפערונג פון סלאָוועשנער באַגעגעניש מיט דעם בירגערקריג ניט געקאנט און ניט געטאָרט דיכטעריש פאַראַלגעמיינערט ווערן: זי האָט געמוזט געגעבן ווערן בלויז ווי א כראָניק“.

אונדז פאַרינטריגירט באַלד אָט דערדאָזיקער נייער האַרבער גזאַרדין פונם כ׳ נוסינאָוו: פאַרוואָס זאָל עפעס סלאָוועשנער באַגעגעניש מיטן קריג מוזן געגעבן ווערן בלויז ווי אַ כראָניק, דאָס הייסט רוי, סוזשעטיש פלאַך אויסגעבויט?

מיט וואָס האָט עס סלאָוועשנע, נעבעך, פאַרזינדיקט, אַז איר באַגעגעניש מיטן בירגער-קריג, „טאָר ניט דיכטעריש פאַראַלגעמיינערט ווערן“?

ביקלאַל, וואָס הייסט „עס טאָר ניט דיכטעריש פאַראַלגעמיינערט ווערן“. אָן דיכטערישער פאַראַלגעמיינערונג איז דאָך ניטאָ קיין קונסטווערק.

די סינטעטישקייט, די טיפיזירונג, די פאַראַלגעמיינערונג און די דערהויבונג פון איינצלנעם פאַקט—דאָס איז דאָך דער גרונט-גע-זעץ פון קונסט. כ׳ נוסינאָוו מאַכט זיך אָבער ניט וויסנדיק דערפון און ער דערקלערט:

„יענע קאַסריַלעווקע („פון דרייפוסעס צייטן״. י. ב) איז געווען אַ קלאַל. סלאָוועשנע—אַ פּראַט. יענע קאַסריַלעווקע האָט דערום געמוזט געגעבן יוערן, ווי אַ באַגריף, סלאָוועשנע פון 1919 בלייבט ווי אַ פאַקט.

גאַנץ פיין, אָבער פאַקטן פון כראָניק האָבן קיין שום שאַיכעס ניט צו קינסטלערישער ליטעראַטור.

מיר, לעמאָשל, זיינען אַסאַך אַ בעסערער מיינונג וועגן קיפּניסעס „כאַדאָשים און טעג״ מיר האַלטן, אַז ס׳איז יאָ ליטעראַטור, מיט אַ היפּש ביסל כעסרוינעס, נאָר אויך מאַילעס. צווישן די כעסרוינעס איז, אַגעוו, אויך דער כיסאָרן, וואָס די דערציילונג איז ניט דערהויבן געוואָרן צו אַ סוזשעטיש-אויסגעבויט, פאַרגאַנצט ווערק, וואָס אַייזיק איז קיין גאַנצער „באַגריף״ ניט געוואָרן.

ניט ווייניקער וויכטיק איז אויך דער צווייטער כיסאָרן: דער שאָלעם-אַלייכעמישער „שיר-האַשירים״—סטיל פון דער דערציילונג. באַ כ׳ נוסינאָוון, ווי געווײנטלעך, ווערט אַלץ מאָטיווירט מיט „אָביעקטיווער נויטווענדיקייט״, וואָס דרינגט ארויס פונם „עצעם רוי-שטאָף״, פונם „פאַרצייטישן מאַטעריאַל״. כ׳ נוסינאָוו פּרוווט זיך דערווייזן, אַז דער דערוואַקסענער גאַרבער אַייזיק דאַרף דערציילן וועגן זיין האָניק-כוידעש מיט בוזין אַפּן פאָן פון 1919 יאָר אַפן זעלביקן נוסעך, ווי שאָלעם-אַלייכעמס 10 יאָריק קינד דערציילט וועגן זיין „ליבע״ צו דער מיידעלע בוזי אַפּן פאָן פון ערעוו-פּייסאַכדיקער שטעטל-אידיליע. כ׳ נוסינאָוו רופט עס אָן—„פּרימיטיוו פון אייזיקס און בוזיס ליבע-באַוווסטזיין״. לויט כ׳ נוסינאָווס מיינונג, האָט עס געמוזט אַזוי זיין, קעדיי עס זאָל צו-נויפאַלן מיטן „פּרימיטיוו פון דעם סלאָוועשנער רעוואָלוציע-באַ-ווּסטזיין״.

אַ גאַנץ פיינע טעאָריע, נאָר... „אַ ביסעלע״ ניט ריכטיק.

קוידעמקאָל, וואָס איז דער גרונט-שטריך פון שאָלעם-אַלייכעמס „שיר-האשירים״-סטיל. ס׳איז ערשטנס, די טמימעס פון אַ קינדערשער פריינטשאַפט, וואָס אייגנטלעך קאָן עס אַפילע ניט אָנגערופן ווערן ליבע. צווייטנס, דידאָזיקע קינדישקייט ליגט אין גרונט פונם אייגנאַרטיקן געבוי פון דער פּראָזע, פונם קינדישן שמועס:

איר נעמט לעמאָשל אַזאַ שמועס:

„פאַראַן באַ אונדז אין שטעטל אַ סאַך אַמעריקאַנקעס.
מיר זיינען אויך אַמעריקאַנקעס.
וואָס דאָס הייסט?
אַזוי הייסן באַ אונדז די מישפּאָכעס, וועמענס טאַטע און מאַמע זיינען אין אַמעריקע״.

איר מיינט, אַז דערדאָזיקער שמועס—אָט דער אייגנאַרטיקער קינדערישער שמועס פון קורצע פּראַזן מיט אָפטע פּראַגן, געווענדעט צום מיטשמועסער, מיט דער קינדערישער באַ-ריידעוודיקייט איבער דעטאַלן, מיטן אָפטן קינדערישן אַרייבערשפּרינגען פון איין זאַך צו דער צווייטער*)—איר מיינט, מינעסטאַם, אַז עס איז פון מאָטל פּייסי דעם כאַזנס,—האָט איר, מעכילע, אַ טאָעס. דאָס איז פון קיפּניסן און ס׳איז דער דער-ציילערישער נוסעך פון גאַנץ קיפּניסעס „כאדאָשים און טעג״.

„אָבער דעם דזשעגעכץ מעג ער אויסקרענקען!
ס׳מאַכט ניט אויס!
פאַרוואָס? ווילט איר פרעגן.
זייער און זייער פאַר אַסאַך זאַכן:
ניט איין הון איז פאַרפאַלן געוואָרן פון הויף פאַר די יאָרן...״
(זייטל 48).

אָדער לעמאָשל אַזאַ מאָטל פּייסים אַ שפּראַך-קאָנסטרוקציע, מיט דעם מאַבל פון אַסאָציאַציעס, וואָס פאַרלויפן דעם גרונט-געדאַנק.

„אין שטוב איז שוין גאָר אַן אַנדער געמיט. פיר-פינף צימערן (אָ, איך קען זיי גוט, אונדזערע צימערן). ניט איין קלאָץ און ניט איין ברעט האָב איך געהאָלפן דעם טאַטן שלעפן. מיין טאַטע האָט זייער ליב בויען אַליין אַרבעט ער מיט דער האַק, מיט הובל, מיטן עקבער, און באַם זעגן העלף איך אים צו. שוין באַ גאָר אַן ערנסטער אונטערנעמונג רופט מיין טאַטע אַ ספּעציעלן מאַיסטער. און אַזוי איז אומעטום אַליין, שטענדיק האַלט ער אין איין בויען, צובויען, איבערוואַרפן און איבעראַנייס בויען, יאָ, איך קען זיי אונדזערע צימערן״. (זייטל 37).

ווער ס׳האָט זיך אַריינגעטראַכט אין דער קאָנסטרוקציע פון שאָלעם-אַלייכעמס קינדער-שפּראַך, דער וועט גלייך באַמערקן, אַז די געבראַכטע ציטאַטן גיבן בוכשטעבלעך דיזעלבע שמועס-קאָנסטרוקציע.

באַ קיפּניסן אָבער ווערט אָט אַזאַ שמועס אַריינגעלייגט אין מויל פון אַ יונגן באַלעבעסל — איז וואָס קומט אַרויס דערפון?

עס קומט אַרויס דאָס, וואָס עס קומט אַרויס, געווײנטלעך, ווען דערוואַקסענע מאַכן נאָך קינדער: די דערוואַקסענע פאַלן אַריין אין קינדישקייט און אָנשטאָט טמימעס קינדערשער, צעגיסט זיך איבער די ברעגעס דער באַנאַלער סענטימענטאַלער „סיוסיוקען״: „בוזי-יע, וואָס וויסטו? עסעיע?..״

ביפּראַט נאָך, אַז דאָס בילד ווערט געגעבן אַפן פאָן פונם האַרטן און העראָישן 1919 יאָר! מע קען דאָך ניט סאָפּקאָלסאָף „סיוסיוקען״ וועגן 1919 יאָר!

און סאָפּקאָלסאָף קאָן מען אויך ניט פאַרגלייכן אַייזיקס סענטימענטאַל-באַלעבאַטישע היספּאַילעס פונם האָניק-כוידעש צום פּרימיטיוו פון דער „קינדער-ליבע״ אין „שאָלעם-אַלייכעמס „שיר-האַשירים״. יעדער שורע וועגן דער „ליבע״ צווישן דעם קליינשטעטלדיקן גאַרבער און דער קליינשטעטלדיקער באַלעבאַטישער „פריילין״, וואָס שרייבט צו אים בריוועלעך אף לאָשן-קוידעש וועגן זייער „פּרעסריאָזנע״ ליבע,—יעדער שורע מאַמעש איז

*) אָט די־דאָזיקע כאָטישע באַריידעוודיקייט איז כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר שאָלעם-אַלייכעמס „ספּילשלעוון״-פּאַרשוין. דאָרטן האָט עס שוין צו טאָן מיט קרענקלעכקייט, אָבער דאָס איז שוין גאָר אַ טעמע פאַר זיך.

פֿאַרפֿלייצט מיט באַנאַליטעט און באַלעבאַטישקייט. לייענט אָקאָרשט אײַזיקס „פֿילאָסאָפֿיע״.

„וואָס זאָגט איר? אַ גרויסע איידע איז איצט אין גאָלעס. אַן איידע, אַן אָפּגעגאָסענע מיט בלוט. מיר איז עפּעס ניט שיין, און טאַקע ניין. איך וועל זיך עפּשער איצטער מיט בוזין ניט קושן...״ (זייט 55).

אַוואַדע, זיך ניט קושן. דער „טויוועס האַקלאַל״ פֿאָדערט עס, און אַייזיק איז גרייט אַף „קאָרבאָנעס״.

אָ, די קאָרבאָנעס פֿונם סלאָוועשנער באַלעבעסל!

עפּשער האָט אין דעם כ׳ נוסיכאָוו געזען דעם „שיר-האַשירים״-נוסעך?

ניין, ניט אָרגאַניש איז דער שאָלעם-אַלייכעם-נוסעך פֿאַר דער דערציילונג „כאַדאָשים און טעג״—ס׳איז ניט קיין סטיל, נאָר אַ פּסעוודאָ-סטיל, אַ מין סטיליזירונג.

יאָ, אָבער עפּשער קאָנען מיר כאָטש זאָגן, אַז אַייזיק און די געשיכטע פֿון זיין באַלעבאַטישן האָניק-כוידעש איז אַ פֿאַר-אַלגעמיינערטע און קינסטלעריש-פֿאַרגאַנצטע פֿאַרקערפּערונג פֿון באַלעבאַטישן סענטימענטאַליזם? וואָלטן מיר דאָס געקאָנט קאָנסטאַטירן, וואָלטן מיר געקאָנט ריידן וועגן אַן אינערלעכן קונסט-עמעס פֿון „כאַדאָשים און טעג״, פֿון אינערלעכער געזעצמעסיקייט. איז אָבער די דאָזיקע אינערלעכע געזעצמעסיקייט ניטאָ. ניטאָ דער אינערלעכער קונסט-עמעס אין דער גרונט-פֿיגור פֿון דער דערציילונג—אינם גאַרבער אַייזיק.

דער גאַרבער אייזיק איז דאָך ניט קיין פֿאַרקערפּערונג פֿון אַ קליינשטעטלדיקן באלעבעסל. אף זיין געלן פֿיליסטערישן קלייד האָט דאך קיפּניס אַרופֿגעלייגט... רויטע לאַטעס. צו וואָס אָטאָ די רויטע לאַטעס?

אַייזיק שפּאַנט אַרום איבער סלאָוועשנער געסלעך מיט „אידייען״, ער איז אַ „ראַבאָטשע״ און, ווי ס׳ווייזט אויס, ניט קיין פּאָשעטער כאַיוועקאַיעם. ער איז קימאַט ווי אַ „קאָמוניסטישער״ אַגיטאַטאָר. ער „אַגיטירט״ שוין אַפֿילע זיין בוזי:

„...אז זי וועט זיך דער־ראָכטן צו דעם, וועט זי אָבער אליין זען, אַז ס׳איז שוין אַסאַך בעסער אַרבעטן בא יענעם—אַפֿילע גאַנצע דאָלבע מעסלעסן ניט האָבן אַף זיך צו שאַפֿן—ווי זיין אַ גוויר און זויגן פּרעמדע בלוט״ (זייטל 68).

פֿונוואַנען איז ער געקומען—אייזיק, הייסט עס, צו אָט די געפֿערלעכע „אידייען״?

פֿון די ביכלעך, ווי דען-זשע?

ער לייענט יידישע און אַפֿילע ניט יידישע שרייבער. ער לייענט פּערעצן און אין איין אָרט (זייטל 40) ציטירט ער (אַ פּאָשעטער גארבער) אין זיין שמועס אַפֿילע האָפּשטיינען („אויסוועגן פֿון אַלע פֿיר זייטן״). ווי איר זעט, האָט איר פֿאַר זיך ניט קיין פּאָשעטן גארבער-יונג, וועלכער ווייסט גאָרניט אַכוץ זיין פֿעל און דזשעגעכץ. פֿונוואַנען זשע קומט צו אים אַזאַ מוירעדיק-באַלעבאַטישע האָניק-כוידעש-פּסיכאָלאָגיע, מיטן „מעסטן זיך די נעזער״, טרינקען ציקאָריע מיט קיכל בא שווער און שוויגער, סיוסיוקען וועגן זיין בוזי א.א.וו.?

אָט פֿאָדערט ער, מע זאָל „אויסקוילענען אַלע שיקסעס״.

נו, און זיינע „אידייען״ וואָס וועלן-זאָגן דערוף?

און פֿונוואַנען האָט זיך דאָ פּלוצלונג גענומען די רויטע ארמיי? און ווי קומט אייזיק אין דער רויטער אַרמיי?

און וואָס וועט בוזילע זאָגן? זי איז דאָך „אַף דער צייט און טאָר ניט וויינען״? און מיט וועמען וועט זי טרינקען ציקאָריע מיט קיכל? און מיט וועמען וועט זי מעסטן די נעזער?

צעריסן די סוזשעט-קאַנווע—אַף שטיקער צעריסן!

קעדיי צו פֿאַרענדיקן אינגאַנצן מיט דער פֿראַגע וועגן פּסעוודאָ-סטיל בא קיפּניסן, איז קעדאַי אָנצווייזן אַף נאָך אַ ביישפּיל. דאָוויד פֿריינקס ווייב איז אין פּאָגראָם פֿון זינען אַראָפּ. בלאָנקעט זי אַרום איבער די גאַסן און זי זינגט:

„אַוואָדע קענט איר אַלע דאָווידן,
דאָווידן פֿריינק פֿון דאָלינע,
יעשוע דעם קאָזשושניקס זון.
ער איז אויך געווען אַ קאָזשושניק,
נאָר בא מיר איז ער טייערער פֿון פּרינצן
אָט דער—אָ דאָוויד איז געווען מיין מאַן״. (זייטל 107).

די פֿיגור פֿון דאָוויד פֿריינקס מעשוגענער ווייב איז גענוג אַ גרויזאַמע, צו וואָס נאָך סטיליזירן זי אָפּן נוסעך פֿון דער ביבלישער „דוואָירע האַנוויע״?

ציִ דען זינגט אַזוי אַ יידישע מעשוגענע פֿון סלאָוועשנע?

וואָס-זשע דאַרף כ׳ קיפּניס דערפֿון לערנען?

כ׳ קיפּניס דאַרף קוידעמקאָל ניט גלויבן, אָט די אַלע נוסינאָווס „פֿילאָזאָפֿיעס״ וועגן דעם: 1) אַז די „אָביעקטיווע באַדינגונגען״ האָבן געמוזט ברענגען צו אילוסטרירן מיט... סלאָוועשנע „אַ ווינקל פֿון 1919 יאָר״; 2) אַז סלאָוועשנע מוז מען באַשרייבן מיטן נוסעך פֿון שאָלעם-אַלייכעמס „שיר האשירים״ און נאַציאָנאַליסטישן „שפֿוך חמתך״-טאָן; 3) אַז וועגן סלאָוועשנע קאָן מען נאָר שרייבן אַ כראָניק און 4) אַז מע קאָן אַ סטיל מעכאַניש איבערטראָגן ווי מעבל פֿון איין סוויווע אין דער צווייטער.

דאָס דאַרף געדענקען כ׳ קיפּניס און ווייטער פֿאָרזעצן זיין שווערן וועג פֿון אַ יונגן סאָוועטיש-יידישן פּראָזאַיקער.

דער וועג איז שווער, ווייל מיר זיינען דאָך ניט פֿון די, וואָס קייען איבער שיראַים. מיר קומען דאָך—נייע מענטשן מיט אַ נייער וועלט-אָנשויונג, מיט אַ נייער עמאָציעס-וועלט—דעריבער זיינען אַזוי שווער אונדזערע געבורט-ווייען.

כ׳ קיפּניס האָט דאָס רעכט זיך לאָזן אַפֿן דאָזיקן וועג. זיין בוך „כאַדאָשים און טעג״ באַזונדערס זיין גלענצנדיקע דערציילונג אין „אוקראַינע״ באַווייזן, אַז קיפּניס האָט פֿונוואַנען צו שעפּן. בא דעם קריזיס פֿון געזונטער, פּאָשעטער זאַפֿטיקער שפּראַך, וואָס מיר האָבן לעצטנס איינציקע מאָל קאָנסטאַטירט אין אונדזער ליטעראַטור, קומט קיפּניס מיט אַ פֿילפֿאַרביקן שלאַל פֿאָלק-לאָשן. קיפּניסעס שפּראַך—איז אַ יאָדערדיקע, פּאָשעטע מיט יענער זאַפֿטיקייט, וואָס כאַראַקטעריזירט ביקלאַל דעם אוקראַאינישן יידיש.

קיפּניס גיט אַ לעבעדיקן שמועס—אַ פּאָשעטן זאַפֿטיקן דיאַלאָג, וועלכער גייט אַזוי שלאַנק אַריבער אין דערציילערישקייט (אַ געווינס פֿאַר אונדזער פּראָזע).

קיפּניס באהערשט ערטערווייז זייער שטאַרק די דיכטערישע דעטאַל, באזונדער דאָרטן, ווו ער איז טראַגיש. דענסטמאָל באקומען מיר בעעמעס העכסט-קינסטלערישן שוידער.

די בלוטיקע סאַכאַקלען פֿון פאָגראָם זיינען בא קיפּניסן שטאַרק ניט דאָרטן, ווו ער מאכט געוואַלדן אין סטיל פֿון „שפוך חמתך״, נאָר גראָד דאָרטן, ווו ער אָפּערירט מיט שטילער און דערפֿאַר אַזוי גרויזאַמער דיכטערישער דעטאַל.

דערנאָך... האָט מען געבראַכט צו פירן פֿון א דאָרף די מאַמע כאיטשקען א געשטאָכענע. יאסלען מיט מיילעכן דערשטאָכענע... די מומע ראסלען א פֿאַרוואונדעטע און אירע צוויי דאָרפֿישע דערשראָקענע מיידלעך, מאַלקעלען און עסטערן, ביידע ווי יונג צעשראָקענע פֿייגעלער — דערשטאָכענע וואָס פֿרעגט איר:
„וואָס וועט יוילִיק אף דערויף זאָגן אין אמעריקע? ס'איז דאָך פֿון אים ערשט אָנגעקומען א פאַק מיט בריוו?״
און נאָך פֿרעגט איר:
„אויב אזוי, טאָ צוליב וואָס האָט יאָסעלע באהאַלטן זיינע צאַצקעס איינעם מיט הערשעלען אין סעקרעט?״
און...

„ווי אזוי וועט הערשעלע זיך דערפֿרעגן אף זיין כּאוועלז?״
איך ווייס ניט. גאָרניט ווייס איך ניט איך ווייס נאָר, אז מיר טוט ווי די געשאָמע.״ (זייטל 144).

קיפּניס האָט זיך אויסגעלערנט צו זיין קאַרג אין ווערטער דאָרט, ווו אַנדערע ריידן צופֿיל. די „געזעגעניש״ מיטן אַטאַמאַן קאָזיר-זירקאָ, די באַשרייבונג פֿון סלאָוועשנער הארבאַרניעס א.א.וו. דערווייזן, אז קיפּניס קאָן קוקן אין פינטל אַריין און ניט צעשווומען ווערן אף דער אויבערפלאַך.

עס איז אבער לאַכלוטן ניט נויטיק אין נאָמען פֿון אָט די מאַילעס פֿאַרדעקן די גרויסע כעסרוינעס קיפּניסעס. זאָל טאַקע קיפּניס אַ טראַכט טאָן וועגן 1919 יאָר און וועגן פסעוודאָ-סטיל און וועגן דער אַנאַרכיע אין סוזשעט — ער וועט זיך אויסלערנען באַזייטיקן אָט די אלע שווערִיקייטן.

וויל קיין שיקזאל פֿון גרויזאַמען קליינבירגערלעכן „זיין״ הענגט ניט איבער קיפּניסעס „באוווסטזיין״. קיפּניס איז ניט פֿאַרורטיילט צוגעבן קליינבירגערלעכע ליטעראַטור. אויב אַפֿילע ער זאָל פֿאָרזעצן באַשרייבן זיין סלאָוועשנע.

ד. האָפּשטיין. פ. שאַמעס.

# באַמערקונגען צו דער אויסגאַבע פֿון א. שוואַרצמאַנס „אַלע לידער״.

אין 1923 יאָר איז אַרויס די ערשטע אויסגאַבע פֿון אַלע לידער פֿון א. שוואַרצמאַן. (קאָאָפּעראַטיווער פֿאַרלאַג, „קולטור-ליגע״ קיעוו).

די אויסגאַבע איז אין אַלע הינזיכטן אַ נעס באַ אונדז. די רעדאַקטאָרן (נ. אויסלענדער און ב. ספּיוואַק) האָבן טריי צוזונויפּגעזאַמלט אַלץ, וואָס איז געווען און איבערגעגעבן געוואָרן אין זייער רעשוס. באַזונדער האָט די אויסגאַבע צו דאַנקען ב. ספּיוואַקן, וועלכער האָט געזאַמלט און איבערגעשריבן אַלץ, וואָס איז אַרויס פֿון שוואַרצמאַנס פען אין מעשעך פֿון די קורצע יאָר פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט.

דאָך זיינען פֿאָרגעקומען פֿעלערן.

אייניקע גרייזן זיינען קלאָר געוואָרן באַלד נאָכן אַרויסגיין פֿון בוך, אָבער עפֿנטלעך איז מאַכמעס פאַרשיידענע טאַימים אַף זיי ניט אָנגעוויזן געוואָרן.

זינט דאָס בוך איז אַרויס איז שוין פֿאַרגאַנגען דריי יאָר. מעגלעך, אַז גיך וועט נויטיק זיין אַ צווייטע אויפֿלאַגע און דערפֿאַר דאַרף מען קלאָר מאַכן אייניקע פֿראַגן און פֿאַריכטן די באַמערקטע גרייזן.

1) ס'איז דאָ*) דורכגעלאָזט געוואָרן אַ געדרוקט ליד, מיר ברענגען זי דאָ, די אָרטאָגראַפֿיע אָפּגעהיט.

* *
*

גענבענשט זאָל זיין די האַנט,
וואָס האָט אינמיטן וואַלד
אויף צווייגל איבער קוואַל
פֿון פראָסטער קאָרע מיר געלאָזט אַ קריגל.

גענבענשט זאָל זיין די האנט,
וואָס האָט אין ריזן-שטאָט, אויף ריזן-שטאָק
פון יעדער זייט געפּאַסט
און איינגעקלעפּט דעם ציגל.

איך האָב באהעפֿט זיך צו דיין לייד,
איך בין דער שותּף פֿון דיין פרייד,
מיין ערגיך ווייטער ברודער!
איך קוש די ערד, וואָס דיינע פֿיס באַטרעטן...
דער נאַכט, וואָס גיט דיר רוה
פֿאַרטרוי*) מיינע זעליגסטע געבעטן.

(פֿאָלקס-צייטונג״, קיעוו, 1919. נומ. 17 (278) פֿון 5-טן מאַרט, זייט 3).

*) דאָ איז דורכגעלאָזט געוואָרן דאָס וואָרט „איך״. דאָס פֿאָדערט אי די לאָגיק אי דער ריטם פֿון זאַץ און איך געדענק אַז אַזוי איז זי געווען די שורע. ווען א. שוואַרצמאַן האָט זי מיר געלייענט שוין קורץ פֿאַרן דרוקן. דאָס ליד איז געדרוקט אין דעמזעלבן נומער, וווּ ס'איז אָפּגעדרוקט דאָס ערשטע מאָל מיין ליד „מיר שטאַמען פֿון פעלזן״.

ד. ה.

*) אף דעם ליד האָט אונדז אָנגעוויזן א. גורשטיין.

2) אַן איבערזעצונג פון אוקראַינישן דיכטער אָלעס איז אי-בערגעגעבן געוואָרן ווי אן אָריגינעל ליד. ס׳האנדלט זיך וועגן דעם ליד „נאָך קינדערווייז שוין לאַנג“. אין די באַמערקונגען אַף דער 110-טער זייט ווערט געזאָגט:

„דרוקט זיך צום ערשטן מאָל פון אייגנהאַנטיקן מאַ-נוסקריפּט, געהערט צו דער צייט פון סאָף 1918-טן יאָר“.

אינדערעמעסן איז דאָס ליד אַן איבערזעצונג. מיר ברענ-גען דעם אָריגינאַל און די איבערזעצונג.

| באַ אָלעסן*). | באַ שוואַרצמאַנען (ז. 40). |
|---|---|
| В дитинстві ще давно, дав-но колись | נאָך קינדערווייז שוין לאַנג בין איך אַמאָל |
| Я выбіг з хати в день май-овий | אַרויס אין ווונדערלעכן דרויסן, |
| Шумів травою степ шов-ковий, | דערהערט האָב איך אַף סטעפּעס זייד-גערוישן, |
| Сміявся день, пісні сти-лись. | דער לאַכנדיקער טאָג געקלונגען האָט ווי שטאָל. |
| Весь божій світ сміявсь радів | גאָטס גאַנצע וועלט האָט זיך געפרייט |
| Раділо сонце, ниви, луки, | מיט זון מיט טווע-פעלד, מיט לאָנקע, |
| І я не виніс щастя муки | און ס׳איז צו שווער געווען מיין פריידן-לייד, |
| І задзваніли в серці звуки | און ס׳האָט זיך פון מיין קלינ-גענדיקן האַרצן |
| І розіснувсь мій перший-епів | מיין ערשט געזאַנג אַף וועלט פאַרשפּרייט. |

1904 року.

די לידער „עס פלאַקערן די פאָנען“ און „פון דער הויך, פון מיין ליכטיקער הויך“ זיינען בעטאָעס אַריינגענומען געוואָרן אין בוך. די לידער געהערן ד. האָפשטיינען. (זיי זיינען אָנגע-שריבן אין פעווראַל 1917 יאָר. ד. ה.)

איינצייטיק וועגן נאָך א פּאָר קלייניקייטן.

1) וועגן אַ גאַנצער ריי לידער איז אָנגעוויזן: אָנגעשריבן „אַן ערעך סאָף 1917-טן יאָר אָנהויב 1918 יאָר“ (עס פלאַקערן פאָנען) „איז א פּאָנים אָנגעשריבן געוואָרן אין 1919-טן יאָר („דערפאַר, וואָס ליב געהאַט האָסט מיך“) א.א.וו. אַ גאַנצע ריי „אַן ערעך“, „אַ פּאָנים“, „טכילעס“.

ס׳איז קלאָר: באַלד דער דיכטער האָט אַליין די לידער ניט דאַטירט, מוזן זיין די „אַפּאָנימס“. אָבער גיט שוין יאָ די רעדאַק-ציע דאַטן און איז נאָך דערביי מסופק, איז וויכטיק די האַשאָ-רעס מאָטיווירן.

2) דאָס ליד „אומעט“ ווערט אַזוי קאָמענטירט: „פון דער ליד זיינען פאַראַן נאָך פיר וואַריאַנטן, פון וועלכע בלויז דער ערשטער דער פריסטער אונטערשיידט זיך וועזנטלעך פון גע-דרוקטן טעקסט מיט פאָלגנדע שטעלן“. און ס׳ווערן געבראַכט די שטעלן. די 4 וואַריאַנטן זעען מיר ניט. ס׳וואלט קעדאַי געווען ברענגען די וואַריאַנטן, ווייל אָפּט איז אַפילע דאָס „ניט וועזנט-לעכע“ אויך וויכטיק.

דאָסזעלבע מוז מען זאָגן וועגן דעם ליד „אין וואָלקנס פולער טונקל נאַכט“, אַף וועלכן דער כ׳ אויסלענדער שטעלט זיך באַזונדערס אָפּ אין זיין בוך „וועג-אַריין-וועג-אויס“ וועגן דעם ליד ווערט אין די באַמערקונגען אזוי געזאָגט: „אויסער דעם געדרוקטן טעקסט זיינען דאָ נאָך פינף וואַריאַנטן, וועלכע אונ-טערשיידן זיך אין „אַ פולע בילד און וואָרט אויסבעסערונגען“ און די וואַריאַנטן זיינען אויך ניט געגעבן געוואָרן.

אַזוי אַרום ווייסן מיר גאָרניט וועגן „אַ פולע בילד און וואָרט אויסבעסערונגען“.

3) דאָס ליד „און ס׳וואָלט דעם סאָד ביינאַכט“ איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן אין רער „יידישער וועלט“ פעוו-ראַל 1913-טן יאָר נומ. 2. אין „אַלע לידער“ איז דאָס ליד אי-בערגעדרוקט געוואָרן מיט אַן אַנדער פונקטאַציע. מיר ברענגען ביידע טעקסטן.

| „אַלע לידער“. | „יודישע וועלט“. |
|---|---|
| זי האָט אים ליעב... | 2 סטראָפע זי האָט אים ליעב!.. |
| זי האָט אים ליעב... | זי האָט אים ליעב!.. |
| זי האָט דיך ליעב.. | 3 סטראָפע זי האָט דיך ליעב?!.. |
| זי האָט דיך ליעב... | זי האָט דיך ליעב?!.. |
| זי האָט מיך ליעב... | 4 סטראָפע זי האָט מיך ליעב! |
| זי האָט מיך ליעב... | זי האָט מיך ליעב! |

זאָל עס זיין אין דער „יודישער וועלט“ בלויז אַ דרוק-פע-לער? געוויס ניין. מע זעט אַ בעקיוונדיקע אינטאָנאַציע וואָס יוערט דורכגעפירט דורך דעם גאנצן ליד. די אינטאָנאַציע איז וויכטיק פאַר דער שטימונג פון דעם ליד, פאַר זיין מעלאָדיק.

אין די באַמערקונגען איז קעדאַי וועגן דעם אָנווייזן און עפשער קלאָר מאכן.

4) אין דעם ליד: „כ׳האב געזעען אייך אין מאַרק“ איז די צווייטע שורע געבראַכט אזוי: „ווען אף שטעלן פון פיש אַף אויבסט פולן קויש“.

אין „אייגנס“ I איז די שורע אַזוי געדרוקט: „ווען אף שטעלן פון פיש, אַף אן אויבסט פולן קויש“.

ס׳איז קעדאַי קלאָר מאכן: צו איז דאָ דאָס וואָרט „אַן“ פאַ-שעט דורכגעלאָזט באם דרוקן. ס׳איז וויכטיק פאַר דער ריטמיק פון ליד.

עס ווילט זיך אַרויסזאָגן אַ ווונטש, אז אין דער צווייטער אופלאַגע זאָלן אין אכט גענומען ווערן אויך אונדזערע באַמער-קונגען און עס זאָל פריער געמאָלדן ווערן אין צייטונגען, קעדיי קענען איינשליסן לאַכלוטין אלע ווערטפולע מאַטעריאַלן, וואָס געפינען זיך נאָך באַ כאווייריס פון פאַרשטאָרבענעם דיכטער.

(* О. Олесь. З журбою радість обнялось. том. I. Виданне трете. Видання „Дніпросоюза“ (3 .זייט).

כ. דונעץ.

# קאָלאָניזאַציע פֿון ייִדן אין צאַרישן רוסלאַנד.

(ערשטער פֿערטל פֿון XIX יאָרהונדערט).

I.

דעם אָנהויב פֿון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע דורך דער צאַרישער רעגירונג דאַרף מען רעכענען פֿון דעם 9-טן דעקאַבר 1804 יאָר, — דעם טאָג, אין וועלכן עס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן די „האַנאָכעס וועגן אַיינאָרדענען די ייִדן“. דער היסטאָריקער פּאָקראָווסקי כאַראַקטעריזירט די ערשטע צענדליקער יאָרן פֿון XIX י. ה. ווי אַן עפּאָכע, וואָס האָט געגעבן אַ שטויס פֿאָרויס דעם רוסישן אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם און געבראַכט מיט זיך „אַ נייע אידעאָלאָגיע, אַ בורזשואַזע, וואָס דערמאָנט אָן דער אידעאָלאָגיע פֿון דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע“...*) דערדאָזיקער אויפשוווּנג און די טענדענץ צו קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג האָט געטראָגן אין זיך אַ קערנדל פֿון פּאָליטישער רעאַקציע — די רוסישע אינדוסטריע, — ווי פּאָקראָווסקי זאָגט ווייטער, — האָט זיך באַלד (1819) באַגעגנט מיטן ענגלישן אימפּאָרט און האָט אָנגעהויבן פֿילן „אַ שאַרפֿע נויט אין אַ שטאַרקער צענטראַלער מאַכט, וואָס זאָל באַשיצן די אינטערעסן פֿון אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל קעגן אויסלענדישער קאָנקורענץ“. אַזוי איז געווען: „עס האָט זיך ענדגילטיק פֿאַרפֿעסטיקט די ביוראָקראַטיש-פּאָליצייִשע אָרדענונג“. אַזוי ארום איז דאָס ערשטע פֿערטל פֿון XIX י. ה. געווען אַ עפּאָכע, ווען עס האָבן זיך אין שויס פֿון לייבאייגנטימעריִשן רוסלאַנד בוילעטער אויסגעטיילט די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג-פּראָצעסן. אַפֿן דאָזיקן פֿאָן האָבן זיך געפּרוכפּערט אָן אַ שיר „רעפֿאָרמען“ און „פּראָיעקטן“. אויך די „האַנאָכעס וועגן איינאָרדענען די ייִדן“ האָבן געהאַט דעם מאַזל געבוירן ווערן אין די דעפּאַרטאמענטן פֿון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן און טראָגן אַף זיך די הילע פֿון אַ רעפֿאָרמע, פֿאָרשטעלנדיק מיט זיך, אינדעראמעסן, נאָר אַ ברעקל פֿון אַלעקסאַנדער דעם ערשטנס „רעפֿאָרמיזם“, וועלכער איז בּיכלאַל באַשטאַנען, לויט פּאָקראָווסקיס אויסדרוק, אין באַהאַנדלען פּלענער וועגן דער פֿאָרם פֿון מיליטערישע הִיטלען, מונדירן און באַטפֿאָרטן... די איבּערמאָנטע „האַנאָכעס“ האָבן אָבער אויך געהאַט אַ פּראַקטישן טייל, וואָס דורך זיין רעאַליזירונג האָט די צאַרישע מעלוכע זיך געדאַרפֿט דערשלאָגן געוויסע רעזולטאַטן אין דער ייִדישער סוויווע, רעזולטאַטן וואָס וואָלן, פֿאַרשטייט זיך, שטימען מיט דעם אַלגעמיינעם „קורס“.

*) מ. פּאָקראָווסקי „רוסישע געשיכטע (קורץ געפֿאַסט), I און II טייל. ייִדיש. מעלוכע-פֿאַרלאַג—1924 יאָר. סינכראָניסטישע טאַבעלן, XIX י. ה. יאָרן 1800—1831, זייטן 303—307, רובריק „די הויפּט-געשעענישן פֿון דער אינעווייניקסטער געשיכטע“.

II.

דערזשאַווין — דער הויף-פּאָעט און שפּעטערדיקער יוסטיץ-מיניסטער בּאַ אַלעקסאַנדער דעם ערשטן — איז אין 1800 יאָר קאָמאַנדירט געוואָרן, אַלס מעלוכע-באַאַמטער, אין ווייסרוסישן געגנט מיט דער אויפֿגאַבע צו אויספֿאָרשן די סיבּעס פֿון דעם הונגער און נויט, אין וועלכע דאָס פּויערטום פֿון ווייסרוסלאַנד האָט זיך דאַן געפֿונען. פֿאַרשטייט זיך, אַז דערזשאַווינס קאָמאַנדירונג איז ניט אַזוי אַרויסגערופֿן געוואָרן דורכן ראַכמאָנעס-געפֿיל צו די ליידנדע, ווי דורך דעם אגמעס-נעפֿעש, וואָס די רעגירונג האָט געהאַט פֿון די פּויערישע בונטן. דערזשאַווין האָט ניט געקענט ניט זען, אַז איינער פֿון די אומגליקן, וואָס שטעלט בּעדאַלעס דעם פּויער, איז די פֿאַנאַנדערבליִונג פֿון בראַנפֿן-ברויעריי. אַף דעם האָט טאַקע דערזשאַווין גלייך געווענדעט זיין אויפֿמערקזאמקייט. נאָר אנשטאָט צו זען דעם פּאָרעץ — דעם עמעסן שולדיקן אין דער אָרעמקייט פֿון פּויער און אין דער בראַנפֿן-ברויעריי — האָט דערזשאַווין זיך אָנגעכאַפּט, ווי אָן אַ ראַדיקאַלן רעטונג-מיטל, אין דער פֿראַגע וועגן אַרויסטרייבן די ייִדישע אַרענדאַטאָרן און שענקערס פֿון די דערפֿער. אַגעוו איז דערדאָזיקער „געדאַנק“ ניט געווען דערזשאַווינס. דער גענעראַל-פּראָקוראָר אבּאליאַנינאָוו האָט אין אַ בריוו צו דערזשאַווינען געשריבן: „און אזוי ווי לויט די ידיעס זיינען ניט קיין קליינע סיבּעס פֿון דער פֿאַראָרעמטקייט פֿון די ווייסרוסישע פּויערים די זשידעס, איז דעריבער פֿאַראַן דער העכסטער ווילן, אַז אייער גרויסקייט זאָל ווענדן אַ באַזונדער אויפֿמערקזאמקייט... אַף זייערע אייסאָקים“*). ניט קענענדיק גיין קעגן פּאָרעץ, פֿילנדיק זיך פֿאָלשטענדיק אָנמעכטיק צו קעמפֿן מיט די אָרדענונגען אין דאָרף, האָט דערזשאַווין — נאָכפֿאָלגנדיק זיינע העכערע נאַטשאַלניקעס — אויסגעקליבן דעם וועג פֿון „פֿאַרלייכטערן“ דעם לעבן פֿון פּויערטום דורכן אַרויסטרייבן די ייִדן. „די פֿילצאָליקייט פֿון די ייִדן אין די (ווייסרוסישע כ. ד.) גובערניעס, איז די א י י נ צ י ק ע פֿון ד י ג ר ע ס ט ע סיבּעס“... פֿון דער ארטיקער אָרעמקייט—האָט דערזשאַווין געשריבן אין זיין מעמאָאַנדום. „זייענדיק דאָ אין אַ גרויסער צאָל, שאַפֿן זיי ניט מיט די אייגענע הענט זיך קיין ברויט, נאָר קריגן אים פֿון דעם פּויער“. און כאָטש אין אַ פּריוואַטן בריוו האָט דערזעלבער דערזשאַווין געשריבן, אַז „ס'איז שווער... ווען עס איז שטרענג באַשולדיקן, די פּויערים פֿאַרטרינקען דאָס ברויט דעם ייִדן, און ליידן צוליב דעם אַ מאַנגל אין אים. די אייגנטימער קענען ניט פֿאַרווערן שיִקערן דערפֿאַר, ווייל פֿון פֿאַרקויפֿן דעם בראַנפֿן באַקומען

*) ציטירט לויט Гессен „Евреи в России“ стр 32

זיי „די גאַנצע האַכנאָסע" (אונדזער קורסיוו), פֿונדעסטוועגן האָט דעמדאָזיקן פאָעט — ניט געקלעקט קיין מוט אַרויסצושטעלן דעם עמעסן שולדיקן, און — איבערהויפט — עס איז אים שווער געווען אַראָפלאָזן פֿון צונג א וואָרט, וואָס זאָל זיין געווענדעט קעגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג. אַלס „סאָאיר לעאַזאָזל" האָט מען געקענט אויסנוצן דעם ייִדישן אײַנוואָינער, און דערזשאַווין האָט טאַקע דעם לעצטן אַרויסגעשטעלט ווי דעם שולדיקן אין דער שווערער לאַגע פֿון ווייסרוסישן פויער. אַגעוו, איז דער פֿאַקט פֿון ייִדישן בראַנפֿן-האַנדל געווען גענוג עפֿעקטפֿול — דער פאָרעץ האָט זיך פֿאַרשטעלט הינטערן רוקן פֿון זיין ייִדישן אַרענדאַטאָר — און די ייִדישע באַפֿעלקערונג האָט געדאַרפֿט פֿאַלן אַלס קאָרבן פֿארן פריצישן ווייסרוסלאַנד. פֿון דעם גאַנצן טארעראַם ארום דערזשאַווינס קאַמאַנדירונג אין דער ווייסרוסישער געגנט, איז דעריבער אַרויסגעשוווּמען זיין פֿאָרשלאַג וועגן אַרויסזעצן די ייִדן פֿון דידאָזיקע גובערניעס.

נאָר דערזשאַווין האָט געקענט פֿאָרויסזען, אַז אַזאַ שריט ווי אַרויסטרייבן די ייִדן פֿון ווייסרוסישן דאָרף, איז פֿאַרבונדן מיט גרויסע אומבאַקוועמלעכקייטן, ער האָט ניט געקענט בויען זיין פלאַן אַף דעם געדאַנק פֿון אַבסאָליוט באַפֿרייען זיך פֿון די ייִדן, דאס האָט אויסגעזען צו ריזיקאַליש. דערזשאַווין האָט דעריבער פֿאָרגעלייגט „רעפֿאָרמירן" דעם ייִדישן לעבן „אַף געזונטע יעסוידעס". ווייט גיין זוכן אַזאַ פראָיעקט האָט מען ניט געדאַרפֿט. שוין אין 1797 יאָר האָט דער ייִדישער סוחר נאָטע כאַימאָוויטש נאָטקין פֿאַרפֿאַסט אַ פראָיעקט וועגן צוציען די ייִדן צו פראָדוקטיווער אַרבעט. מיט דערדאָזיקער אידיי האָט זיך דערזשאַווין אויסגענוצט, מיט איר האָט ער אויך געוואָלט פֿאַרדעקן דעם עמעסן אינהאַלט פֿון זיינע פֿאַרשלאַגן און די אייגענע אַנמעכטיקייט. און קעדיי אין די צאַרישע אַפאַרטאַמענטן זאָל כאַסוועכאָ לילע ניט פֿאַלן אַף אים קיין כשאַד פֿאַרן צו גרויסן ליבעראַליזם, וואָס שטעקט אין זיינע פֿאָרשלאַגן, פֿאַרענדיקט דערזשאַווין זיין „מיינונג" מיט די פֿאָלגנדיקע ווערטער:

„אַף אַזאַ אויפֿן וועלן די ייִדן... סאָנים פֿון די קריסטן, כאָטש... זיי וועלן פֿאַרבלייבן אין שטענדיקער צוזייטקייט ביז ווילאַנג עס וועט זיין דער ווילן פֿונם אויבערשטן נאָר אין דעמדאָזיקן שווערן צושטאַנד וועלן זיי באַקומען אַ געשטאַלט פֿון וואָילשטענדיקייט. און פֿאַוועל דעם ערשטן (דעמאָלטיקער צאַר—כ. ד.) וועט פֿון דאָר צו דאָר איבערגעגעבן ווערן אין אַ אומפֿאַרגעסלעכער ליב, אַז ער האָט דער ערשטער פֿון די רוסישע מאָנאַרכן דערפֿילט דעם גרויסן געבאָט: „האָט ליב די סאָנים אַייערע, טוט גוטס די, וואָס פֿאַראַכטן אייך".

מיט אַזעלכע פאַטעטישע אויסדריקן האָט דער פאָעט-באַאַמטער געהאָפֿט ווירקן אַפֿן רוסישן צאַר און אים איבערצייגן אין דער נויטיקייט פֿון אַ רעפֿאָרם.

צוזאַמען מיט דעם געדאַנק וועגן אַ ייִדישער רעפֿאָרם איז אויך געבאָרן געוואָרן די אידיי וועגן דעם „באַזונדערן קאָמיטעט פֿאַר ייִדישע איניאָנים". אַ רעמעז אַף דעם איז פֿאַראַן אין דערזשאַווינס „מיינונג". דעם 9-טן נאָיאַבר 1802-טן יאָר איז דורך אַ העכסטן באַפֿעל פֿאַרגעלייגט געוואָרן שאַפֿן אַ „באַזונדערן קאָמיטעט" אין באַשטאַנד פֿון פֿינף גרויסע לייט און אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דערזשאַווינען, קעדיי צו באַטראַכטן די פראָיעקטן וועגן אַ ייִדישער רעפֿאָרם. דערדאָזיקער קאָמיטעט, וועלכער האָט שוין געאַרבעט אין דער „רעפֿאָרמאַטאָרישער" צייט פֿון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, האָט אויסגעאַרבעט די „האַנאָכעס וועגן איינאָרדענען די ייִדן". דורך דידאָזיקע האַנאָכעס איז די צאַרישע רעגירונג געקומען צו דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע.

III.

וואָס זשע האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט די ייִדישע באַפֿעלקערונג אין די גרענעצן פֿון דעם דאַמאָלסטיקן רוסלאַנד? דער סאָציאַלער פאָנים אירער האָט זיך גאָרניט געענדערט פֿון דעם, וואָס די פאָליטישע הערשאַפֿט אין די געגנטן, ווו די ייִדישע מאַסן האָבן געלעבט, איז איבערגעגאַנגען פֿון דער פוילישער צו דער רוסישער קרוין. דאָס, וואָס די געגנטן פֿון ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע, אין וועלכע עס האָבן געוואָינט קאָמפאַקטע ייִדישע מאַסן, איז אין 1772—באַ דער ערשטער צוטיילונג פֿון פוילן—איבערגעגאַנגען צו רוסלאַנד—דערדאָזיקער פֿאַקט האָט נאָך ניט באַוויזן צו אַריינטראָגן קיין ענדערונגען אינם סאָציאַל-עקאָנאָמישן געבוי פֿון די ייִדישע מאַסן. אין שטאָט און שטעטל, אין דאָרף און מאַיאָנטעק, האָט די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿאַרהיט אירע הויפט-באַשעפֿטיקונגען: האַנדל, פֿאַרמיטלעריי, און אין אַ געוויסער מאָס—מעלאָכע.

אָט האָבן מיר אַ בילד פֿון דאַמאָלסטיקן ייִדישן לעבן:

„... דער שטאָטישער ייִד איז געווען אַ הענדלער, אַ האַנטווערקער, אָדער שענקער. אין פֿיל שטעט באַמערקט זיך אַ קאַמעסדיקער איבערוואָג פֿון די ייִדישע סאָכרים איבער די קריסטלעכע. באַזונדערס האָט זיך געשטאַרקט אין דער צייט דער אַנטייל פֿון ייִדן אין אויסערלעכן האַנדל... די צווייטע שטאָטישע פראָפֿעסיע, האַנטווערקעריי, האָט זיך גערעכנט מיט א ראַנג נידעריקער, ווי האַנדל: מיט איר האָט זיך פֿאַרנומען דער אָרעמסטער קלאַס. מעלאָכע האָט זיך זייער שלעכט באַצאָלט. קיין ספעציעלע ייִדישע צעכן-אָרגאַניזאַציעס זיינען ניט געווען. און ווען אַ ייִדישער באַלמעלאָכע איז פֿון אָרעמען שטעטל אַוועק אַף אַרבעט אין אַ גרויסער שטאָט, האָבן אים פֿיינטלעך באַגעגנט די אָרגאַניזירטע קריסטלעכע צעכן... אין איין ריי מיט דעם קרעמל און וואַרשטאַט פֿון האַנטווערקער, איז געשטאַנען אַ שענק, וועלכער איז געוויינטלעך געווען פֿאַראייניקט מיט אַן אַריינפֿאָר-הויז... נאָר אין די שטעט האָט דער האַנדל מיט בראַנפֿן פֿאַרנומען א צווייטראַנגיקן אָרט: זיין וויכטיקסטער נעסט איז געווען אין דאָרף".

וואָס-זשע האָבן ייִדן געטאָן אין דאָרף?

„... אַרענדירנדיק דאָס רעכט פֿון פראָפינאַציע (בראָנפֿן-ברויעריי) באַם פאָרעץ אָדער באַ דער מעלוכע, האָט דער ייִד געהאַלטן אין אַרענדע אויך אַנדערע אַרטיקלען פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט: די מילך-פֿערמע, דעם מיל, דעם פֿישפֿאַנג; כוץ דעם, האָט ער זיך פֿאַרנומען מיט אויפֿקויפֿן ברויט באַם פויער און פֿאַרקויפֿן אים די נויטווענדיקע פֿאַר דער ווירטשאַפֿט סכוירעס—זאַלץ, געפֿעס, קאָסעס, סערפן א.א.וו., וועלכע ער פֿלעגט ברענגען אין דאָרף. ער האָט, געוויינטלעך, אין זיך פֿאַרייניקט דעם

ווײַנהענדלער, קרעמער און אויפֿקויפֿער. אַפֿן וועג צווישן שטאָט און דאָרף האָט זיך געצויגן אַ קייט פֿון קרעטשמעס אָדער אַרײַנפֿאָר-הײַזער“ *).

האַנדל, בראַנפֿן-ברויערײַ און איבערקויף, זײַנען אַף אַזאַ אויפֿן, געווען די הויפּט-קוואַלן, פֿונוואַנען די ייִדישע באַפֿעלקערונג האָט געצויגן איר כעיונע. אין דעם איז געווען איר סאָציאַל-עקאָנאָמישע פֿונקציע. דער קליינער הענדלער און אויפֿקויפֿער האָט פֿאַרבונדן דעם דאָרף מיט דער שטאָט און געהאָלפֿן פֿאַנאַנדערוויקלען די סכוירע-ווירטשאַפֿט אין דאָרף, דער שטאָטישער גרויסער האַנדל האָט מיטגעהאָלפֿן אָנקניפּן אַ אינטענסיוון אויסטויש מיט ווײַטע מערק. ניט אומזיסט באַגעגענען מיר שפּעטער אַרויסטרעטונגען פֿון געוויסע ליבעראַלע מעלוכע-טוער לעטויווס דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, מאָטיווירנדיק עס מיט דער גרויסער ראָל פֿון ייִדישן האַנדל פֿאַרן מאַירעוו-קאַנט **). אויך אין די אינטערעסן פֿון גוטבאַזיצער און אַפֿילע פֿון דער מעלוכע איז געווען נויטיק דער ייִדישער פֿאַרמיטלער: אַרענדירנדיק די פּראָפּינאַציע, איז דער ייִד געווען יענער „אָנגעשטעלטער“, דורך וועלכן די פּריצים און די מעלוכע האָבן אַרויסגעפּאָמפּעט באַם פּויער זײַן לעצטן קליאַק. נאָר די זעלבע ראָל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, וואָס האָט אָביעקטיוו געדינט די אינטערעסן פֿון לאַנד און זײַן אָנפֿירנדיקן קלאַס, האָט, פֿון דער צווייטער זײַט, אָוועקגעשטעלט דעם ייִדן קעגן דעם פּויער און קעגן דעם שטאָטישן רוסישן הענדלער. עס איז דעריבער רײַף געוואָרן דער באָדן, אַף וועלכן עס האָבן זיך פֿאַנאַנדערגעבליט אַזעלכע מיסטקווייטן ווי דער זאָאָלאָגישער אַנטיסעמיטיזם. קעדיי קלאָר צו מאַכן דעם גאַנצן בילד, ווי אַזוי עס האָט זיך צוגעגרייט דער ייִדישער גיירוש—וואָרום מיט דעם לעצטן איז, ווי מיר וועלן שפּעטער זען, פֿאַרבונדן די גאַנצע „ייִדישע רעפֿאָרמע“ פֿון 1804 יאָר—קעדיי זיך קלאָר מאַכן דעמדאָזיקן בילד מער פֿאָלקאָם, מוז מען דאָ נאָך צוגעבן, אַז דער סיגנאַל וועגן דער ייִדישער געפֿאַר איז געקומען מיצאַד דעם פּראָגרעסיוון טייל פֿון דער דעמאָלטיקער רוסישער געזעלשאַפֿטלעכקייט. ווייניקער ווי אַלץ האָט געדאַרפֿט אַרויסטרעטן קעגן ייִדישן פֿאַרמיטלער—איבערהויפּט דעם דאָרפֿישן—דער קליינער גוטבאַזיצער—ער איז נאָך בלוטיק געווען פֿאַרינטערעסירט אין זײַן ייִדישן שענקער און קרעטשמער. אָבער אין די שפּיצן פֿון הערשנדיקן קלאַס איז שוין אָנגעוואַקסן די מוירע פֿאַר אַ פּויערישער רעוואָלוציע, גלײַכצײַטיק האָט מען זייער געוואָלט געווינען דעם רוסישן האַנדל-קלאַס, און אַלס מיטל צו דעם האָט מען אויסגעקליבן דעם גיירוש פֿון די ייִדן. אַף אַזאַ מין געפֿלעכט פֿון סאָציאַל-עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און פּסיכאָלאָגישע פֿאַקטאָרן, איז אויפֿגעקומען דער געדאַנק וועגן אַ „געזעץ“ פֿאַר ייִדן.

מען מוז נאָך צוגעבן, אַז דעם ייִדישן גיירוש און דער א. ג. קאָלאָניזאַציע האָבן אויך מיטגעהאָלפֿן פּסיכאָלאָגיש די ספּעציפֿישע שטריכן פֿון דער ייִדישער אָפּגעשלאָסענער סוויווע, וועלכע האָט געשאַפֿן באַ דעם אַרום אַן אַנטיפּאַטישע באַציִונג, און איינערלעך—אַ מיעס בילד פֿון גווירישן-ראַבאָנישער הערשאַפֿט. דער ייִדישער טכום *) די געטאָ-ווענט אין די גרענעצן פֿון טכום, די אַבסאָלוטע הערשאַפֿט פֿון ראָוו און באַלטאַקסע, די אייגנאַרטיקע ייִדישע אַווטאָנאָמיע—די קעהילע מיט דער קאָראָבקע, וואָס איז ווידער געווען אַ פֿאַרקריפּלטער רעזולטאַט פֿון רעכטלאָזיקייט און אַ קוואַל פֿון פּיין, גזיילע און אומרעכט פֿאַר די אָרעמע מאַסן—דאָס אַלץ האָט אויך געשפּייזט די איבנגעבראַכטע טענדענצן.

אַלעקסאַנדער דער ערשטער האָט זיך גענומען רעאַליזירן די „ייִדן פֿראַגע“. דאָס, וואָס יעקאַטערינע די צווייטע האָט אין איר צײַט געפּרוווט דערגרייכן דורך פּריווילעגיעס און הילף, האָבנדיק נאָר אין אויג צו קאָלאָניזירן די ניי-רוסישע וויסטענישן מיט אַ לעבעדיקן האַנדל-עלעמענט **), האָט איר שפּעטערדיקער נאָכפֿאָלגער געוואָלט לייזן אַף אַ מאַסאָווען אויפֿן. פֿון אַלעקסאַנדער דעם ערשטנס ביוראָקראַטישע דעפּאַרטאַמענטן איז אין מאַלבוש פֿון אַפּאַטראָפּסישער פֿאַטערלעכער ווילקייט אַרויסגעגאַנגען דער פּאָליצעישער געזעץ פֿון 1804 יאָר—דער „ערשטער און בעסטער“ געזעץ וועגן ייִדן.

לאָמיר איבערגיין צום אינהאַלט פֿון געזעץ, צו יענע טיילן זײַנע, וועלכע האָבן אַ שײַכעס צו אונדזער טעמע.

### IV.

די „האַנאָכעס“ פֿון 1804 יאָר *) האָבן אַ באַזונדער אָפּטיילונג אונטערן נאָמען „וועגן פֿאַרשיידענע צושטאַנדן און געווערבן פֿון די ייִדן און זייערע פֿאָרצוגן“ **). אונטער דערדאָזיקער רובריק ווערט די ייִדישע באַפֿעלקערונג איינגעטיילט אין פֿיר קלאַסן: ערד-אַרבעטער, פֿאַבריקאַנטן, סאָכרים און מעשטשאַנעס. אין דער רובריק „אַ“—„די פֿאָרצוגן פֿון ערד-אַרבעטער“, ווערט קודעמקאָל באַשטעטיקט די שוין עקזיסטירנדיקע לאַגע, אַז די ייִדן ערד-אַרבעטער געהערן צו די מענטשן פֿון „פֿרייען צושטאַנד“ און „קענען ניט זײַן צוגעפּעסטיקט“. נאָכדעם ווערט, מיטן ציל צו פֿאַרינטערעסירן אַ ל ע ייִדן מיט ערד-אַרבעט, געזאָגט וועגן פֿאָלגנדיקע רעכט: 1) רעכט צו אײַנשאַפֿן זיך ניט קיין באַזונדערע שטאָכים און פֿאַרוואַלטן מיט זיי אַף די רעכט פֿון פֿולער אייגנטום, סאַי אין די גובערניעס פֿון פֿריערדיקן טכום (ווילנער, גראָדנער, וויטעבסקער, מאָלעווער, טשערניגאָווער, פּאָלטאַ-

*) דער ייִדישער טכום (черта оседлости) ווערט איינגעפֿירט אין לעצטן פּערטל פֿון 18 י. ה., דורך יעקאַטערינע דער צווייטער. דערדאָזיקער געזעץ באַגרענעצט דעם וואָינרעכט פֿון ייִדן אין די ווענט פֿון די פּוילישע, אוקראַינישע (ניט אַלע) און ווײַסרוסישע גובערניעס. כ. ד.

**) וועגן דעם פּרווו פֿון יעקאַטערינע דער צווייטער צוציען ייִדן קיין ניי-רוסלאַנד זע: Ю. Гессен «История еврейского народа в России». том первый, стр 88.

***) באַם איבערגעבן דעם אינהאַלט פֿון די „האַנאָכעס“, באַנוצן מיר זיך מיטן בוך פֿון גראַדאָמוסקי:

****) „Торговля и другие права евреев в России“ „О разных состояниях и промыслах евреев и преимуществах».

*) С. М. Дубнов, «Новейшая история евр. народа», том первый, 2-ое издание стр. 361-362

**) מיט אַזעלכע רייד איז אַרויסגעטראָטן אַ מיטגליד פֿון „ייִדישן קאָמיטעט“. שפּעטער וועט נאָך אויסקומען וועגן דעם צו ריידן. כ. ד.

ווער, קיעווער, מינסקער, וואָלינער, קאַטערינאָסלאַווער, כערסאָנער און טאַווריִשער), אַזוי אויך אין אַסטראַכאַנער און קאַווקאַזער, 2) רעכט צו באַאַרבעטן ערד אין די אָנגערופֿענע געגנטן מיט געדונגענער אַרבעט, אָן אונטערשייד פֿון גלויבן *), 3) דאָס רעכט צו פֿאַרקויפֿן בראַנפֿן פֿאַר יענע, וואָס וועלן זיך קאָלאָניזירן „יישוווימווייז“, צו 30 מישפּאָכעס, 4) דאָס רעכט צו דינגען בא די פּריצים ערד אין אַרענדע, 5) דאָס רעכט פֿאַר די, וואָס האָבן ניט קיין מעגלעכקייט צו קויפֿן אָדער אַרענדירן ערד, באַזעצן זיך אומזיסט אין אַ גאַנצער ריי גובערניעס. צוליב דעם צוועק האָט געזאָלט אויסגעטיילט ווערן אַ פֿאָנד פֿון 30.000 דעסיאַטין. די קומענדיקע קאָלאָניסטן האָט געזאָלט געגעבן ווערן אַ גאַנצע ריי האַנאָכעס: באַפֿרייונג פֿון שטייערן אַף 10 יאָר, געוויסע קרעדיטן א. אנד. דאָ איז אויך געזאָגט געוואָרן, אַז עס זאָלן בעשום אויפֿן ניט אָנגענומען ווערן קיין צוואַנג-מיטלען באַם באַזעצן די ייִדן אַף ערד, און 6) די ייִדן, וואָס ווילן זיך פֿאַרנעמען מיט ערדאַרבעט, זיינען אין הינזיכט פֿון שטייערן אויסגעגלייכט געוואָרן מיט אַלע אַנדערע בירגער **).

נאָר פֿון דערדאָזיקער אָפּטיילונג ווערט נאָך ניט קלאָר די עמעסע קאַוואָנע, וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט געהאַט מיט די „האַנאָכעס“. ערשט אין דער דריטער אָפּטיילונג דערוויסן מיר זיך, צוליב וועלכע צ י ל ן עס איז אויסגענוצט געוואָרן (אָדער געזאָלט אויסגענוצט ווערן) דער מ י ט ל פֿון קאָלאָניזירן ייִדן. אין דער דריטער אָפּטיילונג פֿון די „האַנאָכעס“ „וועגן די פֿליכטן פֿון די ייִדן פֿון די איבנדערמאָנטע צושטאַנדן“ לייענען מיר: „וואָינען אין די דערפֿער און האַלטן דאָרטן אַרענדע, שענקען: טראַקטירן, אַריינפֿאָרהייזער און דעם פֿאַרקויף פֿון בראַנפֿן, און אויך האַלטן שענקען, אַריינפֿאָרהייזער און אַנדערע געווערבן אַף די גרויסע שליאַכן, ווען זיי זאָלן ניט געהערן, פּריוואַטע פּערזאָנען אָדער געזעלשאַפֿטן, ווערט ש ט ר ע נ ג פֿ אַ ר ב אָ ט ן אין די אַסטראַכאַנער, קאַווקאַזער, קליינרוסישע און ניירוסישע גובערניעס פֿון 1-טן יאַנוואַר 1807 יאָר, און אין די איבעריקע גובערניעס—פֿון 1-טן יאַנוואַר 1808 יאָר, נאָך וועלכע עס ווערן פּאַסל אַלע אָפּמאַכן און קאָנטראַקטן“ א. א. וו. א. וו.

דערדאָזיקער פּונקט האָט אין זיך באַהאַלטן אַלע בייזע קאַוואָנעס פֿון דער צאַרישער רעגירונג און איז געווען דער קוואַל פֿון פּיין און פֿאַראָרעמונג פֿאַר די אָרעמע ייִדישע מאַסן. צו דינסט דעמדאָזיקן פּונקט האָט געזאָלט קומען די געבראַכטע רובריק וועגן קאָלאָניזירן די ייִדן: מען האָט דאָך געדאַרפֿט האָבן אַן אָרט וו ו ה י ן צו טרייבן די ייִדן פֿון די דערפֿער!... אין משך פֿון דריי יאָר האָבן צענדליקער טויזנטער ייִדישע מישפּאָכעס געדאַרפֿט פֿאַרלאָזן זייער איינגעזעסענעם אָרט ***) און, אונטערן בייטש פֿון פּאָליציימאַן, זיך לאָזן אין אומבאַקאַנטע וויסטע ערטער. אַזאַ

*) נאָך די אַלטע פּוילישע געזעצן האָבן ייִדן ניט געטאָרט באַניצן קיין קריסטלעכע „חענטס“. כ. ד.

**) די ייִדן האָבן דאַן געצאָלט דעם שטייער אין אַ דאָפּלטער סומע. כ. ד.

***) „...פֿאַר דער מאַסע איז וויכטיק געווען דער 34 אַרטיקל פֿון די „האַנאָכעס“, וועלכער האָט פֿאָרגעשריבן אַרויסזעצן אַלע ייִדן פֿון די קריין אין די שטעט אַריין אין משך פֿון 3 יאָר. פֿאַר דער מאַסע איז קלאָר געווען איין זאַך: 60

פּלאַן האָט נאָר געקענט געבאָרן ווערן אין מויעך פֿון באַרבאַרישן דעספּאָט. די דאָזיקע רעגירונג וואָלט אַפֿילע ניט געטראַכט וועגן קאָלאָניזאַציע, נאָר ערשטנס האָט זי אַליין געקענט פֿאָרויסזען, אַז די שטעט און שטעטלעך פֿון טכום וועלן ניט קענען אויפֿנעמען די גיירושים, צווייטנס איז נאָך ניט אָפּגעשטאָרבן דער כיישעק צו באַלעבן די קליינרוסישע וויסטעניש. די קאָלאָניזאַציע איז דעריבער געווען ניט קיין שלעכטער מיטל.

קעגן וועלכן טייל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג איז געווען געווענדעט דער שאַרף פֿון שווערד? אַפֿילע די בורזשואַזע ייִדישע פֿאָרשער *) זיינען מודע, אַז ער איז געווען געווענדעט קעגן די אָ ר ע מ ע מאַסן, קעגן די גראָשנדיקע אַרענדאַטאָרן און שענקערס. די גרויסע בורזשואַזיע—די ייִדישע סאָכרים און פֿאַבריקאַנטן—האָבן דורך דעמזעלבן געזעץ באַקומען די מעגלעכקייט עפֿענען פֿאַבריקן וו ו ז יי וו אָ ל ט ן נ אָ ר ג ע וו אָ ל ט, נאָך מערער—ייִדישע פֿאַבריקאַנטן פֿון טוך, געוואַנט, לעדער און אַנדערע צווייגן האָבן באַקומען מעגלעכקייטן פֿון אַ ספּעציעלן קרעדיט (20 טויזנט רובל אַף יעדער גובערניע), זיי זיינען באַפֿרייט געוואָרן פֿון דאָפּלטן שטייער. די שטאָטישע סאָכרים האָבן דורך דיזעלבע „האַנאָכעס“ באַקומען די מעגלעכקייט צו באַזוכן די „אינעווייניקסטע גובערניעס“ (אויסערן טכום), צוליב האַנדל-צוועקן, פֿירן אַ האַנדל מיט אויסלאַנד, האַלטן בראַנפֿן-ברויערייען א. א. וו.

אַזוי אַרום איז אין די „האַנאָכעס“ זייער בולעט געווען דער קלאַסן-מאָמענט: ניט קיין גיירוש פֿון ייִדן ב י כ ל א ל, נאָר פֿון די אָרעמע מאַסן. די ייִדישע „כאָדאַטאַיעס“ און קאָמיסיעס, וואָס האָבן דאַן אָפּגעשלאָגן די שוועלן פֿון די פּעטערבורגער מעלוכע-אַנשטאַלטן, האָבן זיך זייער באַמיט פֿאַר דער „עמאַנסיפּאַציע“ פֿון ייִדישן קאַפּיטאַל, נאָר זיי האָבן זייער ווייניק געטראַכט וועגן די אינטערעסן פֿון דער אָרעמקייט. אין דערדאָזיקער ריכטונג האָבן די שעלוכים פֿון די ייִדישע קעהילעס און סטאַם קלאַל-טוער געפֿונען אַן אַלגעמיינע שפּראַך מיט די מער פּראָגרעסיווע עלעמענטן פֿון „ייִדישן קאָמיטעט“ (פֿירשט טרובעצקאָי א. אנד.), אין זייער אַרגומענטאַציע פֿ א ר געבן ייִדן רעכט גא. א. וו. הערן מיר די שטים פֿון פֿאַרטיידיקער פֿון דער ייִדישער בורזשואַזיע, נאָר בעשום אויפֿן ניט פֿון דער פֿאָלק-מאַסע **)

טויזנט סאַמע אָ ר ע מ ס ט ע (קורסיוו כ. ד.) „מישפּאָכעס וועלן ניט האָבן קיין שום ערנערונג-מעגלעכקייטן.. Евр. библиотека, том II, ст. „Из новейшей истории евреев в России“, стр. 227.

„...די דאָרפֿישע איינוואוינער (ייִדן כ. ד.) געהערן צו די סאַמע אָרעמסטע—ווערט געזאָגט אין באַריכט פֿון ייִדישן קאָמיטעט“ (זע דעמזעלבן אַרטיקל זייט 233)

*) העסען, דובנאָוו, לאַנדאַו (זע ווייטערע אויבן ציטירטע ווערק).

**) אָט ווי עס טאַינעט אַ מיטגליד פֿון קאָמיטעט צו אויסאַרבעטן די ייִדישע רעפֿאָרם:

„צי דאַרף מען איגנאָרירן דעם פֿאַבריקאַנט אָדער דעם הענדלער אַפֿן מאַרק, וועלכער קלייבט צונויף קערנער, וואַקס, פֿלאַקס א. א. פּראָדוקטן, קעדיי פֿאַרקויפֿן אין אויסלאַנד. באַלעבנדיק אַף אַזאַ אויפֿן דעם אומזאַץ פֿון סכוירעס? אַזאַ מענטש איז בא אונדז אין די פּוילישע גובערניעס דער ייִד“...

אַזוי אַרום ווערט שוין קלאָר, אַז די קאָלאָניזאַציע האָט געזאָלט גיין אָפּן כעשבן פֿון דער אָרעמער, פֿון די דערפֿער אַרויסגעטריבענער מאַסע. וואָס האָבן דידאָזיקע „קליינינקע מענטשעלעך״ געקענט אויסנוצן פֿון דעם אויבנגעבראַכטן געזעץ? ניט מער ווי דעם לעצטן פּונקט: זיך באַזעצן אַף מעלוכישער ערד, באַ אַ קליינער, אומבאַדייטנדיקער הילף, אַ הילף, וועלכע איז מערסטנטיילס פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ כאָלעם. דאָס האָט געדאַרפֿט זיין אַ געלאָף פֿון פייער אין וואַסער. אַזוי האָט עס טאַקע אין רעזולטאַט אויסגעזען.

.V

וואָס פֿאַר א אָפּקלאַנג האָבן די „האַנאָכעס״ געהאַט אין דער ייִדישער סוויווע? עס איז איבעריק זיך אָפּשטעלן אַף יענעם רוישעם, וואָס עס האָט אָנגעמאַכט די גיירוש-כוואַליע. נאָר די פֿראַגע פֿון קאָלאָניזירוּנג איז אויך ניט געווען בעקויעך צו אופֿוועקן מונטערע געפֿילן. איינער פֿון די, וואָס האָבן אַלזייטיק דערלערנט די פֿראַגע וועגן ייִדישער ערדאַרבעט פֿאַרן צאַריזם — א. וו. ניקיטין—קאָנסטאַטירט, אַז:

„צו די אויבנדערמאָנטע געשענקטע רעכט, (אין די פֿראַגן פֿון ערד-אַרבעט—כ. ד.) האָבן זיך די ייִדן באַצויגן: מיט אומצוטרוי און מיט אַ פֿאַרויסבאַשטימטער מיינונג, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, אַז אין מעשעך פֿון די פֿאָלגנדיקע דריי יאָר האָט מען זיך נאָך ערד צו דער מעלוכע ניט געווענדעט״*).

דער מעכאַבער פֿון נאָר וואָס ציטירטן בוך רעט מיט רוגזע וועגן דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, פֿאַר איר קאַלטער באַציונג צום „מאָנאַרכ׳ס ווילן״. דידאָזיקע באַציונג איז אַ זעלבסטפֿאַרשטענדלעכע. וואָס האָט געקאָנט עקאָנאָמיש באַוועגן די אָרעמע ייִדישע מאַסן צו איבערגיין אַף ערד-אַרבעט? באַ דעם ערשטן געדאַנק צו נעמען זיך פֿאַר דער נייער פּאַרנאָסע האָט זיך דער ייִדישער אָרעמאַן אָנגעשטויסן אָן מאַטעריעלע שוועריקייטן: פֿון זיין קלוימערשטן פֿאַרמעגן האָט ער ניט געקענט אָנרעכענען קיין גענוגנדיקע סומע אַף אינווענטאַר, אַ הויז א. א. וו. איז ער דעריבער ביז דער לעצטער מינוט געזעסן אין דאָרף, און געוואַרט אַף אַ נעס—טאָמער וועט פֿאָרט אָפּגערופֿן ווערן די גזיירע און מען וועט קענען בלייבן אַפֿן אַלטן אָרט. אויב עס האָבן זיך ווידער יאָ געפֿינען אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט נעמען אַ שטיקל ערד לעבן שטעטל, איז דאָס צוליב פֿאַרשיידענע מאָטיוון ניט געווען דערלויבט*). עס איז געווען נאָך אַ וועג צו קאָלאָניזאַציע—בעטן הילף באַ די קעהילעס. נאָר טאַקע דאָ, דאַווקע אין דעם מאָמענט פֿון שרעקלעכער נויט, האָט זיך דער ראַבאָניש-גווירישער כעשבן אַרויסגעוויזן העכער פֿאַר די „קלאַל ייִסראָעל״-געפֿילן: דורך אַזאַ מין הילף וואָלט די „קאָראָבקע״ געליטן אין צווייען: מען וואָלט איר אין איין מינוט אויסגעליידיקט — קיין אָרעמלייט האָט דאָך ניט געפֿעלט, צווייטנס — די קעהילע-לייט האָבן קלאַל ניט געוואָלט פֿאַרלירן די מאַסע ייִדן אַלס קאָראָבקע-צאָלער, קורץ — פֿון קיין שום שטאַנדפּונקט האָבן די קעהילעס ניט געדאַרפֿט אונטערהאַלטן די איבערוואַנדערער. און אַזוי האָבן זיי טאַקע געטאָן.

פּ ס י כ אָ ל אָ ג י ש ווידער, איז אויך פֿאַרשטענדלעך, פֿאַרוואָס די ייִדישע באַפֿעלקערונג האָט זיך ניט גערירט (אין די ערשטע 3 יאָר) פֿון אָרט. קיינער האָט ניט געגלויבט אין דער גוטוויליקייט פֿון דער רעגירונג — און דאָס האָט מען געדאַרפֿט באַם אַריבערוואַנדערן אין די דאָרעם-וויסטענישן. דער, וואָס האָט געפֿילט אַף זיינע פּלייצעס די שוועריקייטן פֿון די „האַנאָכעס״ פֿון 1804 יאָר, האָט גאָר געטראַכט פֿאַרקערט: און אז איך וועל זיך איינאָרדנען אַף ערד, בין איך זיכער, אַז מען וועט מיך מאָרגן ניט אַראָפּטרייבן?... איז קאָלזמאַן עס איז ניט אָנגעקומען די לעצטע מינוט פֿון גיירוש, האָט זיך קיינער ניט גערירט פֿון אָרט (כאָטש מעלדונגען וועגן אַריבערגיין אַף ערד האָט מען שוין געהאַט אָנגעגעבן אַף 7000 נעפֿאשעס).

עס איז אָנגעקומען דער 1807 יאָר. די רעגירונג האָט „מיט שטרענגע פּאָליצעישע מיטלען אַרויסגעטריבן פֿון די דערפֿער די ייִדישע באַפעלקערונג אין די שטעט און שטעטלעך״, דאַמאָלסט האָט זיך אָנגעהויבן אַ דראַנג נאָך ערד, מען האָט געבעטן ערד ניט ווייט פֿון אַן איינגעזעסענעם אָרט, נאָר „די מעלוכע איז געווען פֿאַרינטערעסירט באַזעצן די ניט גערירטע סטעפּעס פֿון ניי-רוסלאַנד״, און אַפֿן אָרט האָט מען דורך פֿאַרשיידענע אויסריידן קיין ערד ניט געגעבן. „דרייסיק יאָר האָבן זין אין ליטע און ווייסרוסלאַנד ניט באַשאַפֿן קיין ייִדישע קאָלאָניעס״**). עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן איבערוואַנדערונג קיין ניי-רוסלאַנד (ערשטיקע: כערסאָנער און יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניעס). נאָר דידאָזיקע איבערוואנדערער זיינען אַף פֿאַרויס פֿאַרמישפּעט געווען צו טויט און דאַכקעס. אָט דערוויסן מיר זיך, ווער עס האָט מיט זיך פֿאַרפֿילט די רייען פֿון די וואנדערער, מיר ברענגען די גוויעס איידעס פֿון וויטעבסקער גובערנאַטאָר:

. . . „די דאָרפֿישע ייִדן האָט מען אָן אַ צייט פֿאַרטריבן, צונישט געמאַכט, אריינגעשליידערט אין אָרעמקייט; דער גרע-

(ציטירט לויט העס׳ן „История евр. нар. в России“ № 308

דאָ איז גאַנץ בוילעט געזאָגט פֿ א ר װ ע מ ע ן דער קאָמיטעט (זיינע בעסטע מיטגלידער) האָט פֿארלאַנגט רעכט און צ ו ל י ב װ ע ל כ ע מ אָ ט י װ ן זיי האָבן אים פֿארטיידיקט.

אין א צווייטן אָרט באַגעגענען מיר א כאראקטעריסטיק פֿון די ייִדישע רעפּוטאַטן. אין זיין אויבנציטירטן בוך ברענגט העסען די ווערטער פֿון אן אנאנימען מאסקיל אין זיין מעמאָראנדום דער רעגירונג (זייט 319):

„די וואלן פֿון די רעפּוטאטן זיינען באשטימט געוואָרן מיטן אבערגלויבן און ליידנשאפֿט פֿון די גווירים, וועמען עס איז פֿארשקלאפֿט דער ווילן פֿון די מיטברידער״...

עס איז ניט שווער פֿונדאנען זיך פֿאָרשטעלן, ווער עס זיינען געווען די פֿאָרשטייער פֿון די קעהילעס און וועמען זיי האָבן געהאַט אין זינען באם אויסארבעטן די ייִדישע רעפֿאָרם.

כ. ד.

*) В. Н. Никитин, „Еврейские поселения“ С. Петербург, 1894 г.)

*) די אינסטרוקציע איז געווען: באַזעצן ייִדן אין קליינרוסלאַנד. אין די מאירעוו-געגנטן האָבן די באאמטע אין פּריצים ניט דערלאָזן אויסטיילן שעטאָכים פֿאַר ייִדן. כ. ד.

**) אַלע געבראַכטע פֿרעמדע זאַצן אָן שטערנדלעך געהערן מ. וו. ניקיטינ׳ען דעם פֿריער ציטירטן בוך כ. ד.)

סטער טייל פון זיי האָט ניט וואָס אָפּצועסן דעם טאָג, זיינען אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, און דעריבער גייען זיי מאַסנווייז קיין ניי־רוסלאַנד"*).

מיט אזא מאַסע דעקלאַסירטע און דערשלאָגענע שלעפּער, האָט דאָס די צאַרישע מאכט גערעכנט בויען אַ ניי לעבן, באַזעצן וויסטע געגנטן. ניט אומזיסט איז נאָכדעם אויסגעקומען די צאַרישע טשינאָווניקעס זיך ניאַנטשען מיט די עטלעכע קאָלאָניסטן פון כערסאָנער און קאטערינאסלאַווער געגנט. און ניט אומזיסט איז דער רעזולטאט פון 30 יאָר אַרבעט געווען... 8 קאָלאָניעס מיט 600 מישפּאָכעס! דערפאַר איז אָבער דער טאַראַראַם געווען אַ גרויסער, דער ביוראָקראַטישער אפאראט האט געארבעט אף אַלע קיילים, טשינאָווניקעס האָבן געהאַט וועגן וואָס צו שרייבן באַריכטן און מעמאָראַנדומס, און די אָרטיקע מאַכטהאָבער האָבן געהאט ווו צו כאפּן אַ קאָפּיקע. קלענער איז געוואָרן דער טומל נאָכדעם, ווי דער גיירוש פון די דערפער איז אָפּגעשטעלט געוואָרן (1812), ביזוואנען עס איז ווידער באנייט געווארן די צארישע פאליטיק אין דער פראַגע פון קאלאניזירן די יידן. נאָר דאָס איז שוין געווען פאַרבונדן מיט דער עפּאָכע פון ניקאָלאַי דעם ערשטן, ווען די אָפּן־ברוטאַלע פאָליטיק האט פאַרנומען דעם אָרט פון אַלעקסאנדער דעם ערשטנס קלוימערשטן רעפאָרמיזם. דערווייל לאָמיר זען, וואָס פאַר א רעזולטאַטן האָט געגעבן די יידישע קאלאניזאַציע, וואס איז פאָרגעקומען אַדאנק די „האנאָכעס" פון 1804 יאָר, ד. ה. אין דעם ערשטן פערטל פון 19־טן י. ה.

## VI.

קעדיי צו באַקומען אַ פאָרשטעלונג וועגן די רעזולטאטן, וועלכע עס האָט געגעבן דער ערשטער פרווו (אַלעקסאַנדערס) פון יידישער קאָלאָניזאַציע, וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אַף פאָלגנדיקע דריי מאָמענטן:

1. די צאָל פון די באַזעצטע קאָלאָניסטן און זייער לאגע,
2. די מאָסמיטלען פון דער מעלוכע צו העלפן די נייע יידישע ערדאַרבעטער,
3, די טענדענץ פון דער קאָלאָניזאַציע (וווקס אָדער אָפּפלוס).

פון די ציפערן, וועלכע זיינען אין 1815 יאָר צוגעשטעלט געוואָרן דער צאַרישער רעגירונג*), איז צו זען, אַז צו יענער צייט האָבן עקזיסטירט פאָלגנדיקע יידישע קאָלאָניעס: עפּענהאָר, גרויס-נאַהאַרטאָוו, קליין-נאַהאַרטאָוו, סיידעמנוכע, באָבראָווי קוט, אינגולעץ, קאַמיאַנקע, קריוואָי פלעס און איזראַילעווקע, אַלע אין נייַרוסלאַנד (כערסאָנער, קריוואָראָגער, ניקאָלאַיעווער א. א. קרייזן).

*) ציטירט לויט דובנאָוו «Нов. история еврейск. народа» стр. 225—226.

*) Никитин „Евр. земледельческие колонии", Восход 1881 г. Книга пятая.

אין דידאָזיקע קאָלאָניעס זיינען געווען איינוואָינער:

| קאָלאָניע | צאָל מישפּאָכעס | צאָל נעפּאָשעס. מענער | פרויען | ביידע געשלעכטן | אַרבעט־פעיקע פון 13 יאָר אָן |
|---|---|---|---|---|---|
| עפּענהאָר | 49 | 158 | 123 | 281 | 188 |
| גרויס-נאַהאָרטאָוו | 72 | 316 | 244 | 560 | 350 |
| קליין-נאַהאָרטאָוו | 22 | 99 | 84 | 184 | 121 |
| סיידעמעניכע | 100 | 288 | 253 | 541 | 369 |
| באָבראָווי קוט | 165 | 416 | 327 | 743 | 461 |
| אינגולעץ | 86 | 331 | 296 | 627 | 391 |
| קאַמיאַנקע | 55 | 188 | 148 | 336 | 210 |
| קריוואָי פלעס | 20 | 237 | 152 | 388 | 270 |
| איזראַילעווקע | 37 | 161 | 91 | 192 | 195 |
| צוזאַמען | 610*) | 2136 | 1718 | 3854 | 2495 |

אזוי אַרום זעען מיר, אַז אין די ניין דאָרעמדיקע קאָלאָניעס זיינען געווען איבער 600 מישפּאָכעס מיט קאָרעוו 4000 איינוואָינער. פון די דערמאָנטע יעדיעס דערוויסן מיר זיך אויך אַז קלאַל ניט אַלע קאָלאָניסטן האָבן זיך פאַרנומען מיט ערדאַרבעט. אָט וואָס מיר לייענען:

„פון אָט דער אַלגעמיינער צאָל מענטשן האָבן זיך באַשעפטיקט: מיט ערדאַרבעט אין די קאָלאָניעס—1514 מענטשן, מיט מעלאָכע—105, געאַרבעט ניט ווייט פון די קאָלאָניעס—164, אַף אַרבעט אין: כערסאָן, גריסלאַוו און ניקאָלאַיעוו—620, און אַף אַרבעט אין יעליסאָוועטגראַד, אָדעס, ווייסרוסלאנד, פוילן, און יעקאַטערינאָסלאווער, טאַווריִשער און די קליינרוסישע גובערניעס—500 מענטשן. אַזעלכע, וואָס זייער אָרט איז געווען אומבאַוווסט—238 מענטשן*)".

לויט דידאָזיקע ציפערן באַקומט זיך, אז ווייניקער ווי אַ העלפט האָט געאַרבעט אף דער אייגענער ערד, אַ גרופּע האָט געאַרבעט ניט ווייט—מיסטאָמע באַ די נאָענטע קאָלאָניסטן אָדער פריצים, און אַ היפּשער טייל האָט זיך נאָר גערעכנט צוגעשריבן, אָבער פאַקטיש ניט געהאַט קיין שום פאַרבינדונג מיט דער קאָלאָניע. דאָס דאַרף מען הויפּטזעכלעך דערקלערן מיט די שווערע מאטעריעלע באַדינגונגען, אין וועלכע די יידישע קאָלאָניסטן איז אויסגעקומען צו לעבן. דערזעלבער, שוין פריער דערמאָנטער צאַרישער באַאַמטער, שרייבט: „ניט קיין קליינע צאָל זייערער (פון די ייד. קאָלאָניסטן כ. ד.) גייט אין טראַנטעס, אָן שיך, און שפּייזט זיך מיט הירושענעם און גערשטענעם און פון אנד. מעלבעמישטן ברויט", און אַזעלכע, וואָס האָבן דאָס אויך ניט, העלפן

*) די צאָל מישפּאָכעס איז ניט ריכטיק אָנגעגעבן, אינדערעמעסן איז זי געווען גרעסער. דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס אַ געוויסע גרופּע איינוואָינער פון די קאָלאָניעס איז ניט איינגעשלאָסן אין דער צאָל מישפּאָכעס, כאָטש אין דער אלג. צאָל נעפּאָשעס זיינען זיי אַריין. כ. ד.

*) ניקיטין: „Евр. зем. колонии" זע דעם פריער ציטירטן אַרטיקל.

זיי „די קרויווים, שכיינים און אַנדערע מיט נעדאָוועס”. ווי גרויס
די אָרעמקייט איז געווען קען מען זען דערפון, וואָס אַף א גאַנצע
קאָלאָניע (קליין-נאַהאַרטאָוו) זיינען געווען צוויי אַקערס, 4 באָראָ-
נעס, 4 פורן א. א. וו. און די פּאָליצעישע אָפּעקונעס—די צאַרי-
שע באַאַמטע,—האָבן מיטגעהאָלפן ענדגילטיק דערשלאָגן דעם
אָרעמען טייל: פון די 33 קאָלאָניסטן, פאַרמישפּעטע צו „נעזעל-
שאַפטלעכער און קאַזיאָנער ארבעט” פאַר שלעכטן פירן די ווירט-
שאַפט, זיינען 16 באַלעבאַטים אַזעלכע, וואָס האָבן צו האַלבן
אַקער, 1 בראָנע, 1 פערד א. א. וו. מיט אזאַ פּאָליטיק צו דעם
אָרעמסטן טייל האָט מען עס געוואָלט „אויסלערנען” זיין אַ ערד-
אַרבעטער!

באַ אַ מער גענויער באַטראַכטונג פון דער לאַגע, אין
וועלכער עס האָבן זיך געפונען די קאָלאָניסטן, איז גלייך צו באַ-
מערקן, אַז זיי זיינען געווען ניט מער און ניט ווייניקער ווי לייב-
אייגענע פויערים. לייבאייגענע ניט פון דעם אדער יענעם פּאָרעץ,
נאָר פון „גרעסטן פּאָרעץ”—פון דער צאַרישער מאכט. פאַרטרי-
בענע מיט געוואַלט אַהערצו, אָן קיין שום מאַמאָשעסדיקער צײ-
טיקער הילף, אונטער דער שטענדיקער שרעק צו גיין אַף „קאַ-
זיאָנע אַרבעטן” פאַר די כויוועס, וואָס זיינען געלעגן אף זיי, אָן
דער האָפענונג צו אַרויסקריכן ווען עס ניט איז פון די כויוועס,
באַ דער ברוטאַלער, אידיאָטישער באַציִונג פון דער אָרטיקער
מאַכט, איז די קאָלאָניע געהאַנגען ווי א שטריק אַפן האַלדז פון
די ניי-באַזעצטע, ווי אַ שטריק, וואָס פאַרציט זיך אַלץ פעסטער
און ענגער. מיר זען דעריבער, אַז די קאָלאָניסטן זאָגן זיך אפילע
אָפּ פון נעמען האַלוואָעס, פאַרלאָזן די ערד, הויבן ניט אויף קיין
נייערד, לויפן אף פאַרדינסטן אין די שטעט „פאַר מוירע באַ-
שטראָפט ווערן מיט געזעלשאַפטלעכע און קאַזיאָנע ארבעט”. עס
דערגייט אַזוי ווייט, אז באַ די קאָלאָניסטן פאַלט אפּ יעדער גע-
זונטער פאַרלאַנג און סטימול צו דער אַרבעט. פאַרקערט, אויב
עס געפינט זיך צווישן די קאָלאָניסטן אַזאַ „מעשוגענער”, וועל-
כער פלייסט זיך אין ערדאַרבעט, ווערט ער געשאַדלט פון זיינע
מיטברידער. „...דער ייד קאַרנאַצקי,—שרייבט זיך אין אויבנדער-
מאָנטן דאָקומענט,—וועלכער האָט אין 1814 יאָר פאַרזייט צוועלף
אַ האַלב פערטלען (ס שעטווערטן) ברויט און וועלכער האָט באַ-
קומען אַ גוטע גערעטעניש, איז געזידלט געוואָרן דורך זיינע-
אייגענע, וועלכע האָבן אים באַשולדיקט אין גיין קעגן דעם אַל-
געמיינעם פאַרלאַנג פּאָטער צו ווערן פון דער ערד-
אַרבעט—מיט זיין אָרנטלעכער באַציִונג צו איר (ד. ה. צו דער
ערדאַרבעט)”.

פון אָט דעם אויסצוג, וואָס דער צאַרישער באַאַמטער האָט
געשריבן, איז צו זען, אַז ווי דער מעלוכע-פאָרשטייער, אַזוי די
יידן, האָבן געהאַלטן די קאָלאָניזאַציע פאַר אַ מין לייבאייגנטום,
און פונקט ווי דער ערשטער האָט, דינענדיק טריי דער קרוין, גע-
וואָלט רעכענען נאָך עטלעכע טויזנט נעפאַשעס אין דער צאַרי-
שער „סקאַזקע”, אַזוי האָבן די צווייטע געוואָלט פּאָטער ווערן
פון דער בלאָטע, אין וועלכער מען האָט זיי אַריינגעוואָרפן.

איז טאַקע לעכאַטכילע געווען אַזאַ באַציִונג צו דער ערד-
אַרבעט? אין דער ערשטער צייט איז אַזוי ניט געווען, נאָר די
צאַרישע פּאָליטיק און די פּאָליצעישע מעטאָדן האָבן זייערס גע-
טאָן, און די יידישע קאָלאָניסטן האָבן זיך געמוזט איבערצייגן, אַז
דער וועג פון מי און פיין, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט באַם אי-
בערוואַנדערן און באַזעצן זיך, וועט צו גאָרניט ברענגען. מיר
וועלן ברענגען אַן אויסצוג פון אַ „פּראָשעניע”, וואָס די יידישע
קאָלאָניסטן פון סיידעמענוכע (איינע פון די בעסטע קאָלאָניעס)
האָבן דערלאַנגט דעם צאַרישן באַאַמטן לאַנאָוו אין 1812 יאָר:

„...פאָלגנדיק דעם מאַניפעסט האָבן מיר גערעכנט באַקומען
פוראַזש און שפּייז געלט אין וועג צו 25 קאָפּיקעס און אַפן אָרט
פון באַזעצן 10 קאָפּיקעס, און זיך באַשלאָסן איבערלאָזן די וואַי-
נונגען און געלאָזן זיך אין וועג אַף אייגענע געלט, און אַנדערע
פון אונדז זיינען געגאַנגען מיטן וואַסער, באַצאָלט פאַרן איבער-
פירן זיי אַף די שיפן. אונדזער וועג האָט געדויערט ביז פיר כאַ-
דאָשים... און קומענדיק אַף אַ פוסטע נאַכלע האָבן מיר באַקומען
האַלוואָעס אין זייער אַ קליינער מאָס. זיך אויסמאַטערנדיק אין וועג
פון קעלט, שלעכטע וועטערן און אַנדערע אומרוען, האָבן מיר זיך
געדאַרפט נעמען פאַר בויען הייזער; די צאָל מישפּאָכעס איז גרע-
סער געוואָרן, נאָר צוליב דער שרעקלעכער עפּידעמיע אין מיטן
זומער, זיינען מיר געווען אין ייִאוש... צווישן די גרויסע סטע-
פעס, באַם גרויזאַמען ווינטער... האָבן מיר זיך גענומען אַקערן, די
קיינמאָל ניט געאַקערטע סטעפּעס, אונדזער ניט דערפאַרנקייט,
דאָס, וואָס עס זיינען בישכיינעם ניט געווען קיין יישווים, האָט
אונדז גענויט דינגען מענטשן, וועלכע זאָלן אונדז לערנען אַר-
בעטן. און געצאָלט צו 15 רובל פון דעסיאַטינע, גלייכצייטיק האָט
אונדז זייער ווייניק אונטערגעהאַלטן דער זייער קליינער דערנע-
רונג-פּאַיאָק, ניט ווי אַלע קאָלאָניסטן צו 10 קאָפּיקעס *), נאָר צו
5 קאָפּיקעס, צו דעם נאָך, אין געגנט פון סטעפּעס, וו עס איז
איינגעקויפט געוואָרן ברויט פאַר דער מאלדאַווישער אַרמיי... עס
האָט זיך געטראָפן, מיר האָבן געקויפט ברויט, נאָר ניט געהאַט
ווו אָפּמאָלן, האָט מען געקאָכט קערנער, אָדער אין קליינע שטויס-
לען געשטויסן קערנער און געגעסן”...

דערדאָזיקער אויסצוג איז דער בעסטער שפּיגל פון דער
לאַגע פון די יידישע קאָלאָניסטן און פון דער באַציִונג, וואָס זיי
האָבן באַגעגנט מיצאַד דער מאַכט. מע דאַרף אַהער צוגעבן דאָס,
וועגן וואָס די יידן-קאָלאָניסטן האָבן מוירע געהאַט שרייבן אין
אַ „פּראָשעניע”, דאָס איז וועגן דער באַציִונג פון די אָרטיקע באַ-
אַמטע, וועגן דעם ווילקיר פון יעדן שרייבערל, קעדיי צו באַקו-
מען אַ פולע בילד פון דער לאַגע.

נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם, ווי אַזוי די מעלוכע האָט
„געהאָלפן” די נייע ערדאַרבעטער. די צאַרישע מעלוכע האָט אָפּ-
געלאָזן, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, געוויסע סומען פאַר דער
יידישער קאָלאָניזאַציע. אָבער דידאָזיקע סומען זיינען אין אַ
נישטיקער מאָס דערגאַנגען צו דעם קאָלאָניסט,
און די קאָלאָניסטן פון סיידעמענוכע האָבן זיך ניט אומזיסט גע-
קלאָגט: די צאַרישע באַאַמטע פלעגן גרויסע סומען אַראָפּלאָזן צו

*) קאָלאָניסטן ניט יידן (דייטשן א. א. וו.), וועלכע זיינען דאָן אויך גע-
פאָרן אף דאָרעם, האָבן באַקומען גרעסערע הילף און א גרעסערן פּאַיאָק.
כ. ד.

זיך אין קעשענע, פלעגן באַגיין שווינדלערייען, עס איז אַפילע דערגאַנגען צו אַרעסטן פון פאַראַנטוואָרטלעכע מעלוכע-טוער*). די סומען, וואָס האָבן געדאַרפט ארויסגעגעבן ווערן זומער זיינען געגעבן געוואָרן ווינטער, און פאַרקערט; אַף די אָפרעכנונגען וועגן די הויצאָעס אַף יידישער קאָלאָניזאַציע פלעגט זיך די מלוכע ניט קענען דערוואַרטן... די סומע, וואָס איז אָפגעלאָזן געוואָרן אַף די 600 מישפאָכעס, איז אפילע געווען אַ גאַנץ היפשע: 145,680 רובל, וואָס עס האָט אויסגעמאכט אומגעפער 270 רובל אַף א מישפאָכע און אַף דערנערונג צו 5 ק. אַף יעדערן. אַסיגנירט איז אַף דער יידישער קאָלאָניזאַציע געווען 300,000 רובל, נאָר פון דערזעלבער סומע איז לויטן „קייזערליכן באַפעל“ אָפגעלאָזן געוואָרן אַף זייטיקע זאַכן 151,800 רובל, אַזוי, אז אַראָפרעכענענדיק די פריער שוין אָפגעלאָזענע סומע (145,680 ר.), איז אַף דער איינאָרדענונג געבליבן... 2,519 רובל! מיט דעם דערקלערט זיך אויך דער פאַקט, וואָס פון דער ווייטערדיקער איבערוואַנדערונג איז דערווייל זיך אויסגעקומען אָפצוזאָגן, ניט קוקנדיק אף דעם, וואָס אין 1812 יאָר האָבן געזאָלט איבערוואַנדערן נייע 300 יידישע פאַמיליעס **).

אַזוי ארום איז שוין קלאָר, אַז קיין שום טענדענץ פון ווּקס איז ניט צו באַמערקן אין דער יידישער קאָלאָניזאַציע. פון די ציפערן פון 1826 יאָר זעען מיר, אז דער ווּקס פון די יידישע קאָלאָניסטן איז זייער א נישטיקער: באַ דערזעלבער גרופע קאָלאָניעס (8) וואַקסט אויס די צאָל מישפאָכעס פון 610 ביז 714 און נעפאַשעס—פון 3858 ביז 4393. כאָטש די צאָל איז א היפשע, זאָגט זי אָבער גאָרנישט, ווייל דער ווּקס איז געגאַנגען ניט אַפן כעשבן פון נאַטירלעכן צוּווּקס (וואָס עס וואָלט געקענט ריידן וועגן דער פאַרשטאַרקטער ווירטשאַפטלעכער לאגע) נאָר אַפן כעשבן פון אימיגראַנטן פון מאירעוו-קאַנט, צווייטנס האָט דער צוּווּקס באַ דעמזעלבן שטעטל ערה און באַ איר פראָגרעסיווער צוּברעקלונג קיין גוטס ניט צוגעזאָגט. מיר האָבן אויך ציפערן, וועלכע באַשטעטיקן, אז אין זין פון מענטשן-מאטעריאל אין די יידישע קאָלאָניעס איז די לאגע געווען זייער אַ שווערע: לויט די אָפיציעלע יעדיעס זיינען ביזן 1815 יאָר אויסגעשטאָרבן פון עפידעמיעס, הונגער, קעלט, קלימאַט און אַנדערע אומגליקן 5000 יידישע קאָלאָניסטן—דאָס איז באַ 4000 לעבעדיקער באַפעלקערונג! כוץ דעם זיינען אין מעשעך פון 15 יאָר (1810—1825) אַ ר ו י ס פון די יידישע קאָלאָניעס 325 מישפאָכעס***). דער אויספיר פון דידאָזיקע ציפערן בעט זיך אליין אָן.

### .VII

די טעטיקייט (אויב מען קען אַזוי ריידן) פון דער צאַרישער מעלוכע אַפן געביט פון יידישער קאָלאָניזאַציע אין דער ערשטער פערטל פון 19-טן י. ה. (1804—1825) דאַרף מען איינשטעלן אַף צוויי פעריאָדן: ביזן 1812 יאָר און די ווייטערדיקע 13 יאָר. דער ערשטער פעריאָד איז געווען אַן אַקטיווער. אין יענער צייט האָט נאָך די מעלוכע געגלויבט אין איר אייגענער קראַפט און אין דער טעטיקייט פון אירע באַאַמטע אין די אָרגאַנען פון דער קאָלאָניזאַציע. אַנעוו, איז מער אָדער ווייניקער פעסט געווען די מיינונג פון דער מעלוכע צו אַרויסטרייבן די יידן פון די דערפער, אַלנפאַלס האָט זיך אַזוי געקענט אויסדוכטן. פאַרשיידענע פ אָ ל י ט י ש ע מאָטיוון האָבן דידאָזיקע סיבעס פון אַקטיווער טעטיקייט אַרום דער יידישער ערד-אַרבעט אָפגעשוואַכט. די מילכאָמע מיט נאַפאָלעאָנען האָט גענויט דעם צאַריזם אָפשוואַכן דעם דרוק אַף דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט באַזעצט די מאַירעווגעביטן און האָט געקענט באַם אָנגריף פון נאַפאָלעאָן — פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ געווער קעגן צאַריזם (ווי דאָס איז געשען מיט די פאָליאַקן). מיט דעם דערקלערט זיך די אָפשטעלונג פון דעם גיירוש פון די דערפער. פון דער צווייטער זייט האָט אָנגעהויבן שמעקן מיט אַן אַנדער געפאַר — אַ מער ערנסטע ווי די יידישע.

דער קריזיס אין לאַנד נאָך דער „פאָטערלענדישער מילכאָמע“, די „פרייע אידייען“, וואָס זיינען פאַרשלעפט געוואָרן פון מאַירעוו דורך די אָפיצערישע גרופן און וועלכע האָבן שפעטער באַקומען אַן אָפקלאַנג אין די דעקאַבריסטישע אַרויסטרעטונגען, דידאָזיקע געפאַר האָט געפאָדערט מאָביליזירן די קויכעס קעגן ג ר ע ס ע ר ן סוינע, וואָס איז טיילווייז אַפילע געזעסן אין קייזערלעכן פאַלאַץ גופע.

גלייכצייטיק מיט דעם איז געפאַלן דאָס גלויבן אין דער מעגלעכקייט ווירקלעך עפעס אויפטאָן אין דער יידישער קאָלאָניזאַציע. אין די מעלוכישע „הויכע פענצטער“ איז געוואַקסן די קריטישע באַציונג צו די „קאַזיאָנע“ באַריכטן, וואָס זיינען צוגעשטעלט געוואָרן דורך דער „אָפעקונישער קאנטאר“ (וועלכע האָט פאַרוואַלטעט מיט די יידישע קאָלאָניעס) און אירע באַאַמטע. צו דער מעלוכע זיינען דערגאַנגען קלאַנגען וועגן מיסברויכן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעדרע פון אויספאָרשונגען, וועלכע האָבן פון זייער זייט ווידער באַשטעטיקט די נישטיקע רעזולטאַטן פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע. שוין אין 1812 יאָר הערט אוף די מעלוכע איבערשיקן די איבערוואנדערער אַף איר כעשבן. אין 1825 יאָר איז די לאַגע פון די קאָלאָניסטן געווען אַ שרעקלעכע, אַפילע דער אָפעקון איבער די יידישע קאָלאָניעס איז מוידע אַז... „פון 500 באַלעבאַטים האָבן זיך געפונען קוים 120, וועלכע האָבן די מעגלעכקייט פאַרזייען ווינטער-זריע און דערנערן זיך אָן אן אונטערשטיצונג *).

---

פאַר ניקאָלאַי דעם ערשטן איז ווידער באַנייט געוואָרן די קאָלאָניזאַציע פון יידן. מיט פאַרשיידענע האַפסאָקעס האָט די יידישע קאָלאָניזאַציע אופגעלעבט אין מעשעך פון גאַנצן 19-טן י. ה., באַלייכטן דעמדאָזיקן פעריאָד איז א באַזונדער טעמע פאַר זיך.

---

*) זע דעם פריער ציטירטן אַרטיקל.

**) „Евр. Библиотека“ том VIII, Мышь „Исторический очерк“.

***) „Евр. Энциклопедия“, „Земледелие в России“ стр. 755.

*) לויט דעם אויבנציטירטן אַרטיקל פון מ. מ. ש.

ב. שאַצקי.

# יידישע סטענאָגראַפיע*).

„אָן סטענאָגראַפיע איז ניטאָ קיין געזעלשאַפטלעך לעבן“

לונאַטשאַרסקי.

„סטענאָגראַפיע איז דאָס שרייבן פון XX-טן יאָרהונדערט“.

וויקטאָר הוגאָ.

## אַביסל געשיכטע.

די סטענאָגראַפישע קונסט, ווי אַנדערע קונסטן און וויסנשאַפטן, האָט איר אייגענע געשיכטע.

אין דער געשיכטע פון שרייבן ווען מיר זיך אָנשטויסן, אַז די מענטשהייט איז ניט גלייך געקומען צו דעם אַרט שרייבן, וועלכן מיר נוצן איצט. אַ גאַנצע ריי עטאַפן האָט מען דורכגעמאַכט ביזוואַנען מען איז דערגאַנגען צו די קלאַנגען-צייכנס. דער מענטש האָט אַלץ געזוכט נייע וועגן, ווי בעסער, גרינגער איבערצוגעבן און פאַרפיקסירן דעם געדאַנק. די אוראַלטע קניפּלעך און שלייפן אַלס שריפט-צייכנס זיינען געווען אַפילע פאַר זיין אָרעמער שפראַך אין דער ערשטער צייט צו נישטיק און קאַרג, האָט דער מענטש אויסגעפונען פיגורן, היעראָגליפן, געגאַנגען אַלץ. וויטער אַף צו פאַראיינפאַכערן און גרינגער מאַכן דאָס שרייבן, ביז ער איז דערגאַנגען צו די קלאַנגען-צייכנס, פון וועלכע עס האָט זיך אויסגעפאָרמירט אונדזער איצטיקער אַלעפבייז.

די דאָזיקע לעצטע פאָרם פון שרייבן איז אָבער אויך ניט געבליבן שטיין אַף איין אָרט, ניט פאַרגליווערט געוואָרן.

אָט די געשריבענע קלאַנגען-צייכנס, וועלכע שטייען אָפּ זייער שטאַרק פונם מענטשלעכן ריידן-טעמפּ האָבן אויפגעהערט באַפרידיקן דעם מענטשן און זיין קולטור-אופשטייג און מיר זעען טאַקע, אַז אין דער צייט, ווען רוים און גריכנלאַנד האָבן קולטורעל געשטיגן, האָט זיך דאָרטן באַוויזן די סטענאָגראַפישע קונסט.

עס איז באַוווסט, אַז מיט דער הילף פון אַ קורץ-שרייבן האָט דער באַוווסטער גריכישער היסטאָריקער קסענאפאָנט פאַרשריבן סאָקראַטס רעדעס. דער אַוטאָר פון דער רוימישער טאַכיגראַפיע (גיך שרייבן), מאַרק טולי טיראָן, איז געווען דער סעקרעטאַר פונם באַוווסטן רעדנער ציצעראָן. „טיראָנס נאָטן“ הייסן זיי ביז היינטיקן טאָג.

זייער טעאָריע האָבן זיי געבויט איבערהויפּט אַף דעם, וואָס זיי פלעגן דעם אָפטער באַנוצטן וואָרט שרייבן פאַרקירצט**).

מיטן פאַלן פון דער רוימישער און גריכישער קולטור איז אויך פאַרלאָרן געגאַנגען די קונסט פון סטענאָגראַפיע. ביזן 18-טן יאָרהונדערט זיינען געווען די איבערגעבליבענע סטענאָגראַמעס (סטענאָגראַפישע פאַרשרייבונג) ניט לייענבאַר, דעם געלערנטן אורליך פון געסענקאַלסק האָט זיך איינגעגעבן צו געפינען דעם שליסל צו דעם אַמאָליקן גיך-שרייבן.

אין סאָף פון 16-טן יאָרהונדערט האָט זיך ווידער באַוויזן די סטענאָגראַפישע קונסט אין ענגלאַנד, ווייל דאָרט האָט זיך פריער ווי אומעטום אַנטוויקלט דאָס פאַרלאַמענטאַרישע לעבן. פון דאָרטן איז זי איבערגעגאַנגען קיין פראַנקרייך און דייטשלאַנד.

די סטענאָגראַפישע קונסט, ווי מיר זעען, איז געווען דער שטענדיקער מיטגייער פון קולטור-אופשטייג. באַם פאַלן פון קולטור איז אויך צום אָפּגרונט געגאַנגען די סטענאָגראַפישע קונסט, באַם אופשטייג איז זי גלייך אַרויסגעשווומען.

## וואָס איז אַזוינס סטענאָגראַפיע?

זעלטן ווער ס'האָט ניט געהערט פון סטענאָגראַפיע. דער, וואָס לייענט אַ צייטונג, האָט זיך ניט איינמאָל אָנגעשטויסן, אַז פיל רעדעס פון פאַראַנטוואָרטלעכע טוער ווערן סטענאָגראַפירט און ווערן געדרוקט פאַר די ברייטע מאַסן.

נאָר ווי ווערט עס געטאָן?

פיל מענטשן שטעלן זיך פאָר, אַז סטענאָגראַפיע איז אַזאַ קונסט, וואָס ניט אַלע האָבן די מעגלעכקייט צו באַהערשן זי.

מע שטעלט זיך פאָר. אַז סטענאָגראַפיע איז אַ מין „כינעזישע גראַמאָטע“, יעדער וואָרט פאַרמאָגט אַ באַזונדער צייכן, היינט גיי געדענק אַפן קאָפּ אַזויפל צייכנס, וויפל ווערטער עס זיינען דאָ. און אויב איינעם אַ רעדנער פאַלט איין און ער רעט אַרויס גאָר אַ שפּאָגל נייעם וואָרט, וועלכן דו האָסט אין דיין פּראַקטיק ניט געהאַט, איז זיי אַ בעריע און שאַף אַף דער סעקונדע אַ נייעם צייכן און האַלט עס פעסט אין מויעך...

אַזאַ פאָרשטעלונג, פאַרשטייט זיך, באַקומט מען, ווען מ'איז אומבאַקאַנט מיט דער סטענאָגראַפישער קונסט.

עס איז קעדאַי צו דערמאָנען, אַז אין דעם זיינען פיל שולדיק די סטענאָגראַפיסטן—אַוואַנטיוריסטן, וועלכע נעמען זיך אָן אויסלערנען שרייבן סטענאָגראַפיע אין גאָר אַ קורצער צייט. און ווייל סטענאָגראַפיע פאָדערט אַ באַשטימטע צייט אַף אויסלערנען זי (אויסער דעם טעאָרעטישן קורס מוז מען אויך דורכגיין אַ גרוי-

*) די יידישע סטענאָגראַפיע-סיסטעם פון כ׳ ב. שאַצקי איז באַשטעטיקט געוואָרן אַלס טעאָרעטיש-ריכטיקע און פּראַקטיש-אָנעמבאַרע דורך מאָסקווער וויסנשאַפטלעכער סטענאָגראַפיע-געזעלשאַפט. (רעד.)

**) אין אַ געוויסן זין קאָן מען זאָגן, אַז די אַלט העברעישע ראָשעטוויועסן האָבן געטראָגן אַזאַ כאַראַקטער פון פאַרקירצונג.

סע פראַקטישע אַרבעט, איינאיבן זיך אין די סטענאָגראַפֿישע צייכנס ביז אַוטאָמאַטישקייט*), איז פֿון דער גאַנצער האָפֿענונג, אַז „אָט, אָט ווער איך אַ סטענאָגראַף", לאָזט זיך אויס אַ בוידעם, מען פֿאַלט אַריין אין ייִוש און עס בלייבט, „אַז מיסטאָמע בין איך אומפֿעיִק צו אַזא שווערן לימוד" און מען וואַרפֿט אַוועק**).

דאָס וואָרט „סטענאָגראַפֿיע" נעמט זיך פֿון גריכיש, אַף יידיש באַטייט עס—שמאָל שרייבן (סטענאָס—שמאָל, גראַפֿאָ–שרייבן).

דער סאַמע גרינגסטער צייכן פֿון אָנשרייבן איז איין ליניע מיט איין באַוועגונג, צי פֿון אויבן אַראָפּ, צי פֿון אונטן אַרויף, צי אַ גלייכע ליניע. אַזא צייכן פֿאַרמאָגט איין טעמפּ, לויט דעם כ׳ בורלאַקאָווס טערמין. אויב אָבער דער צייכן נויגט זיך אָפּ אָן אַ זייט, רעכנט זיך דאַן 2 טעמפּן, לעמאָשל: דער געשריבענער בוכשטאַב „ר" אָדער „י" פֿאַרמאָגן בלויז איין טעמפּ, דער בוכשטאַב „נ" 2—טעמפּן, „ב"—3 „ד"—4 טעמפּן א. א. וו. יעדער ווינקל אָדער יעדער איבערייס פֿון האַנט באַם שרייבן רעכנט זיך פֿאַר נאָך אַ טעמפּ, ווייל דאָס געדויערט מער ווי שרייבן קעסיידער. אַף אַזא אויפֿן קאָן מען אויסרעכענען וויפֿל טעמפּן אַנטהאַלט יעדער וואָרט באַזונדער. באַם אָנשרייבן אַזא וואָרט ווי „צייטונג", דאַרף געמאַכט ווערן 23 טעמפּן, סטענאָגראַפֿיש אָבער, בלויז 3 טעמפּן דאָס וואָרט „לאַנדווירטשאַפֿטלעכער" באַם איינפֿאַכן שרייבן פֿאָדערט איבער 60 טעמפּן, סטענאָגראַפֿיש בלויז—4 טעמפּן.

איינער פֿון די איצטיקע פֿאָרשער פֿון שרייבן, פּראַוודאָ-ליובאָוו, ווייזט אָן, „אַז אונדזער שרייבן איז זייער אָפּגעשטאַנען פֿון לעבן. מיר נוצן דעמזעלביקן שריפֿט, וועלכן מען האָט גענוצט מיט 4—5 טויזנט יאָר צוריק. צי דען נוצן מיר ניט פּרעגט ער, די זעלבע בילדער, פֿיגורן ווי ס׳האָבן גענוצט די אַלטע עגיפּטישע שרייבער?

עמעס, די בילדער, פֿיגורן האָבן זיך פֿאַריינפֿאַכט, פֿונדעסטוועגן בלייבן זיי פֿאָרט אזעלכע לאַנגע צייכענונגען, וואָס טראָגן אַ כאַראַקטער פֿון מאָלעריי. אונדז קומט אויס אין אזא ברויזנדיקן און דינאַמישן לעבן נוצן אזא פֿאַרעלטערטע סיסטעם פֿון שרייבן".

## וועלכע סטענאָגראַפֿיעס זיינען דאָ.

די סטענאָגראַפֿישע סיסטעמען קאָן מען פֿאַנאַנדערטיילן לויט דעם כאַראַקטער פֿון די צייכנס—אַף געאָמעטרישע און גראַפֿישע, און לויט זייער טראַנסקריפּציע — אַף פֿאָנעטישע און שטאַמישע.

*) דא ווערט גערעט בלויז וועגן אַלגעמיינעם קורס פֿון סטענאָגראַפֿיע און ניט וועגן ספּעציעלן (פּאַרלאַמענטאַרישן).

**) אין איינעם פֿון די מאַי-נומערן אין 1923-טן יאָר אין צייטונג „איזוועסטיאַ" איז געווען אָפּגעדרוקט, אַז איינער אַ טעאָרעטיקער רעפּין האָט געשאַפֿן אַזא איינפֿאַכע סיסטעם פֿון אַ רוסישער סטענאָגראַפֿיע, אַז אין מעשך פֿון 4—3 וואָכן קאָן מען זיך אויסלערנען אָנשרייבן ביז 120 ווערטער אין אַ מינוט. די צאָל ווערטער אַף אָנשרייבן איז איבערגענוג אַף סטענאָגראַפֿירן יעדע רעדע. באַ די וועלכע זיינען באַקאַנט מיט סטענאָגראַפֿיע, האָט אַזא נאָטיץ אַרויסגערופֿן מער ניט ווי אַ שמייכל. די נאָכפֿאָלגער האָבן דאָס אינגיכן דערפֿילט אַף די אייגענע פּלייצעס.

דעם בעסטן ביישפּיל פֿאַר אַ געאָמעטרישער סיסטעם גיט אונדז איזאַק פּיטמאַנס סטענאָגראַפֿיע, וועלכע איז ביז דער לעצטער צייט געווען די הערשנדיקע אין דער ענגלישער שפּראַך סאַי אין ענגלאַנד, סאַי אין אַמעריקע. אויך אין פֿיל לענדער איז אָט די סיסטעם אויסגענוצט געוואָרן (אָנהויב 17-טן י. ה.).

איר גרונט-פּרינציפּ איז, וואָס זי ווערט געבויט אַף געאָמעטרישע צייכנס: פּונקט, ליניע און אַ איגול (0 — .), יעדן צייכן איז מעגלעך אָנשרייבן אין 6 זייטן. די באַדייטונג פֿון צייכן איז לויט דעם אָרט, וועלכן ער פֿאַרנעמט. דעם צייכן קאָן מען שרייבן דינער און גרעבער, דאַן באַקומט זיך, אַז יעדער צייכן קאָן פֿאַרמאָגן 12 באַדייטונגען, ס׳ווענדט זיך אַף וועלכן אָרט דער צייכן געפֿינט זיך און ווי ער איז געשריבן.

באַדייטונג פֿון צייכן לויטן אָרט.

באַם שרייבן אַף געווירעטע פּאַפּיר קאָן מען יעדע פֿיגור שרייבן איבער דער ליניע, אונטער דער ליניע און אין מיטן ליניע. אַף אזא אויפֿן באַקומט זיך פֿון איין פֿיגור 36 פֿאַרשיידענע צייכנס.

אויך ווערט אויסגענוצט זייער פֿיל סיגלען (פֿאַרקירצונג-ווערטער) און פֿראַזעאָגראַמעס (גאַנצע פֿראַזן דורך איינעם אָדער עטלעכע צייכנס).

עס איז אויך פֿאַראַן נאָך איינצלהייטן, וועלכע שפּילן זייער אַ וויכטיקע ראָל אין דעם סיסטעם, נאָר דאָס, וואָס איך האָב אָנגעוויזן, איז דער יעסאָד, אַף וועלכן עס בויט זיך די גאַנצע פּיטמאַנס סיסטעם.



סטענאגראמע לויט פּיטמאנס (געאמעטרישע) סיסטעם.

דער פֿאָטער פֿון דער גראַפֿישער סיסטעם איז פֿראַנץ קסאַווערי גאַבעלסבערגער. געבאָרן געוואָרן אין מינכען אין 1789 יאָר.

ניט זייענדיק באַקאַנט מיט פֿריערדיקע סיסטעמען פֿון סטענאָגראַפֿיע, האט ער אליין געשאַפֿן צייכנס. אין 1834 יאָר איז אַרויס זיין ערשטע סטענאָגראַפֿיע, וועלכע האָט געפֿונען פֿיל אָנהענגער אין דייטשלאנד און אין די שכייניסדיקע לענדער.

זיינע צייכנס פֿאַר דער סטענאָגראפֿיע האָט גאבעלסבערגער גענומען פֿון עלעמענטן פון פֿאַרשיידענע בוכשטאַבן. דער אויסזען פֿון זיין סטענאָגראמע דערמאָנט דעם געוויינטלעכן שנעלשריפט, בייס פיטמאַנס סטענאָגראַמע דערמאָנט געאָמערישע פֿיגורן.

גאבעלסבערגערס סיסטעם צייכנט זיך אויס דערמיט, וואָס 1) די צייכנס, ווו מיר האָבן שוין געזאָגט, זיינען גראַפֿישע, דאָס פֿאַרגרינגערט דאָס שרייבן, עס קומט ניט אויס צו ברעכן די האַנט אפּדאסניי, ווי ס׳קומט אויס אין די געאָמעטרישע סיסטעמען; 2) די קאנסאנאַנטן שלינגען אין די וואָקאַלן דורך פֿאַרשיידענע קאָמבינאַציעס און 3) זייער געלונגענע פֿאַרקירצונגען.

סטענאגראמע לויט גאבעלסבערגערן, (גראפישע בערמאנס איבערארבעטונג אין רוסיש).

אָט דאס זיינעןביידע סיסטעמען, וועלכע האָבן אוועקגעלייגט דעם גרונטשטיין פֿון סטענאָגראַפיע.

די ביידע סיסטעמען נוצן אויס פאַרקירצונגען—פֿאנעטישע און שטאמישע.

פֿאָנעטיש: די ווערטער ווערן פאַרצייכנט לויט די קלאַנגען, וועלכע מע הערט. ווען דער מענטש רעט לאַנגזאַם, דאַן דערהערן מיר אַלע וואָקאלן, וועלכע עס פֿארמאָגט דאָס וואָרט, הויבט אָן דער רעדנער גיכער צו ריידן, דאַן ווערן פֿיל וואָקאַלן דערשלונגען, זיי דערגייען ניט צו אונדזער אויער. פֿונדעסטוועגן שאדט עס אונדז ניט צו באַנעמען, פֿאַרשטיין דאס, וואָס מען הערט. מיר נעמען אוף אף דעם געהעריקן אויפֿן, אַפֿילע ווען מיר דערהערן בלויז יענע וואָקאַלן, וועלכע דער רעדנער אַקצענטירט. פֿון דעם גייט אַרויס די פֿאָנעטישע שול און זאָגט: אזוי ווי באַם ריידן נעמען מיר ניט אוף אַלע קלאנגען און עס שאט ניט צו פֿאַרנעמען די גאַנצע רעדע, אַזוי אויך באם שרייבן איז ניט נויטיק פֿאַרשרייבן אַלע איינצלהייטן פֿון וואָרט, נאָר די מער כאַראַקטעריסטישע.

אַ קינסטלער קאָן אונדז געבן פֿון אַ טיפ מער ניט די כאראקטעריסטישע שטריכן, און מיר שטויסן זיך אָן וועמען מע האָט געמאָלט. די פֿאָנעטישע שול לערנט אויס די כאראקטעריסטישע שטריכן פֿון קלאסן-ווערטער און בויט איר סטענאָגראַפיע אפֿן פאַרשרייבן פֿון אָט די כאַראקטער-שטריכן פֿון וואָרט.

שטאַמיש: דאָס ראָוו ווערטער באשטייען פֿון אַ שטאָם, פרעפֿיקס און סופֿיקס, דער שטאַם שרייבט זיך און דער פרעפֿיקס און סופֿיקס ווערט פֿארקירצט דורך פֿארשיידענע צייכנס. פארשטייט זיך, אַז אזוי שרייבן וואָלט געבראַכט דערצו, אַז קעדיי צו סטענאָגראפירן אַ וואָרט, וואָס אנטהאלט אַ שטאָם, פרעפֿיקס און סופֿיקס, וואָלט מען באדארפֿט אָנשרייבן 3 סטענאָגראַפֿישע פיגורן און דאָס וואָלט אויך געווען צו לאַנג. אָבער דורך די קאָמבינירטע קאָנסאָנאנטן און וואָקאַלן, וועלכע ווערן וואָקאַליזירט און סימוואָליזירט, באַקומט זיך דאס וואָרט אזוי פאַרקירצט, אז בלויז מיט עטלעכע טעמפן קאן מען אים אָנשרייבן, און עס גיט אַ מעגלעכקייט צו פאַרשרייבן יעדע רעדע.

דאָס זיינען אין קורצן די מעטאָדן, וועלכע ווערן באַנוצט אף פאַרקירצן דאָס וואָרט. די לעצטע צייט באַמערקט זיך, אַז אַווטאָרן נוצן אויס ביידע מעטאָדן אף פֿאַרקירצונגען.

## רוסישע סטענאָגראַפיע:

די רוסישע סטענאָגראַפיע האָט דורכגעמאַכט איר אייגענעם וועג. די סטענאָגראַפישע קונסט האָט דאָ ניט געפֿונען דעם געהעריקן אָרט אף פֿארשפרייטן זיך. די עקאָנאָמישע און קולטורעלע אָפגעשטאַנענקייט פֿון רוסלאַנד האָט געשטערט דערצו. אין 1792 יאָר איז שוין געווען אַ פרוווו צו שאַפֿן אַ רוסישע סטענאָגראַפיע דורך אנרי פֿראנק, נאָר קיין שום דערפֿאָלגן האָט זי ניט געהאט. אין די 60-קער יאָרן פֿון 19-טן י. ה., אין דער צייט פֿון אלעקסאַנדער דעם 2-טנס „רעפֿאָרמען”, האָט מען אביסל געטומלט וועגן סטענאָגראַפיע, מע האָט זיך אין איר געגויסיקט אין די רעפֿאָרמירטע געריכטן. אין 1862 יאָר איז אויסגעארבעט געוואָרן אַ פלאַן, אַז מע זאָל איינפֿירן סטענאָגראַפיע אין 4-טן קלאַס פֿון מיטלשול.

עס איז צוגעזאָגט געוואָרן פֿונם בילדונג און יוסטיץ-מיניסטער אַ פרעמיע דעם, ווער עס וועט צונויפֿשטעלן די בעסטע סטענאגראַפיע. עס זיינען דערלאַנגט געוואָרן 28 סטענאָגראַפיעס, פֿון וועלכע 2 זיינען אויסגעקליבן געוואָרן: אָלכין—לויט גאבעלסבערגערס סיסטעם און פֿאַולסאָן מעססער—לויט שטאָלצס סיסטעם*).

דאַן זיינען געשאַפֿן געוואָרן קורסן אף לערנען סטענאָגראַפיע, זיי האָבן זיך געהאַלטן ביז דער טערקישער מילכאָמע. אין 1902-05 יאָר, האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן אָרגאַניזירן סטענאָגראַפישע קורסן, עס איז אַפילע ארויסגעלאָזט געוואָרן אַ סטענאָגראַפישער זשורנאַל, נאָר קיין קיום האָט ער ניט געהאַט.

ביז דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע האָט מען געקענט אָנציילן ביז 100 סטענאָגראַפֿן אין גאַנץ רוסלאַנד. נאָך דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע, איז מוירעדיק אויסגעוואָקסן די סטענאָגראַפישע קונסט. מיט ריזיקע טריט שפרייזט זי באַרג ארוף. אדאנק די סטענאָגראַפיסטן, זיינען אַלע רעדעס פֿון אונדזערע פירער, אַלע פֿאַראָרדענונגען א. א. ו. פֿאַרהיט געוואָרן, און זיי זיינען פֿאַרבליבן אַלס היסטאָרישער אויצער פֿאַר די קומענדיקע דורעס.

„איך בין אזויפֿיל פֿאַרפֿליכטעט דער סטענאָגראַפיע און אירע טוער, שרייבט דער כ׳ טראָצקי אין אַ סטענאָגראַפישן זשורנאַל, אַז איך וויים ניט פֿון וואָס אָנצוהייבן.

אַ קוק טאָן אַף די אַלע פֿאַרגאַנגענע יאָרן קאָן איך זיך ניט פֿאָרשטעלן ווי וואָלט איך געקאָנט ארבעטן אָן אַ סטענאָגראַף. מיט פֿאַרוווּנדערונג פֿלעג איך קוקן אף מיין יונגן כ׳ גלאזמאַן (שוין געשטאָרבן). אין פולן גאַנג פֿון וואַגאָן פֿלעגט ער פֿאַרשרייבן אַרטיקלען, פֿאַראָרדענונגען א. א. ו. ער האָט אויסגעפֿירט אַ גרויסע אַרבעט מיינע, וועלכע איך וואָלט קיינמאָל אימשטאַנד ניט געווען אליין אופֿצוטאָן. באַם דערלאנגען מיינע אַרטיקלען, רעדעס פֿלעג איך קוקן מיט היספּאַילעס, ווי אַזוי האָט ער דאָס געקענט

---

*) עס איז אינטערעסאנט דערביי צו דערמאָנען, אַז די צוגעזאָגטע פרעמיע איז ניט אָפגעגעבן געוואָרן. די צארישע רעגירונג האָט מאָטיווירט דערמיט, אַז אויב מע האָט אנערקענט 2 סיסטעמען פאר גלייכע, איז דאָך שוין ניטאָ קיין בעסטע.

אַלץ אריינכאַפּן, אַלע מיינע ביכער, בראָשורן פֿון 1917 יאָר אָן זיינען פֿריער סטענאָגראַפֿיש געשריבן געוואָרן...

די ערשטע צייט קומט אויס א ביסל פּריקרע, מע איז ווי אונטער אַ וואַך, דער כאַוועד וואַרט דאך, נאָר מיט דער צייט געוואָינט מען זיך צו צו אזאַ דיסציפּלין. ווען 2 זעגן האָלץ, דאַרפֿן זיי ארבעטן ריטמיש, ווייל דאָס פֿאַר-גרינגערט די אַרבעט. דאָסזעלבע איז מיט סטענאָגראַפֿיע. דער געדאַנק ווערט דיסציפּלינירט און אַרבעט ריטמיש מיטן בלייפֿעדער פֿון סטענאָגראַף".

צעגדליקער סטענאָגראַפֿישע סיסטעמען זיינען ארויסגעשווו-מען נאָך דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע. פֿון איין זייט באַווייזט עס, אַז דאָס לאַנד שאַפֿט אַלץ נייס און נייס, אָבער פֿון דער צווייטער זייט ברענגט עס אַ געוויסן שאדן, ווייל אָנשטאָט צונויפֿזאַמלען און קאָנצענטרירן אלעמענס קויכעס אף שאַפֿן איין גאַנצעס און מעכטיקעס, ווערן אָט די קויכעס צעשפּליטערט אף ברעקלעך.

אָט די פֿראגע איז געשטאַנען אין דער גאַנצער ברייט פֿאַר דעם צוזאַמענפֿאָר פֿון די סטענאָגראַפֿיסטן, וועלכער איז פֿאַראַ-יאָרן פֿאָרגעקומען אין מאָסקווע. מען האָט אויסגעקליבן א קאָ-מיסיע, וועלכע וועט דאַרפֿן אויסארבעטן אַ פּלאַן פֿון אַן איינהייט-לעכער סיסטעם, וואָס וועט דארפֿן איינגעפֿירט ווערן אין אלע שולן און אויך ווערן אַ מעלוכע-סיסטעם, ווי עס איז שוין געטאָן געוואָרן אין פֿיל אנדערע לענדער.

## ווי ווערט געשאַפֿן די יידישע סטענאָגראַפֿיע.

אויספֿאָרשנדיק פֿיל אלטע און נייסטע סיסטעמען פֿון סטע-נאָגראַפֿיע, בין איך געקומען צום באשלוס, אַז די יידישע סטע-נאָגראַפֿיע, מוז זיך בויען לויט דער גראַפֿישער סיסטעם. עס קאָן זיין, אז ווען איך וואָלט זיך אָפּגעשטעלט אַפֿן כאראַקטער פֿונם יידישן שריפֿט, וואָלט איך נעמען אלס יעסאָד פֿאַר דער יידישער סטענאָגראַפֿיע די געאָמעטרישע סיסטעם, נאָר די ניט געלונגענע פּרוון, וועלכע זיינען געווען אַף שאפֿן אַ געאָמעטרישע סיסטעם (לעמאָשל, דער פּרוו פֿון ד"ר שאַראַגאָראָדסקאַיאַ), האָבן בוילעט באַוויזן, אַז איידער צו גריבלען זיך אין זיך אליין און אָנשטויסן זיך אַף יעדער טריט און שריט אף שווערקייטן, איז בעסער נע-מען אַזאַ סיסטעם, וועלכע איז גרינגער אויסצולערנען (ניט ברעכן די האַנט באַם שרייבן). און ווידער זען מיר, אַז די גראַפֿישע סיסטעם פֿאַרנעמט וואָס ווייטער אלץ גרעסערע פּאָזיציעס אין דער וועלט און שטויסט ארויס די געאָמעטרישע סיסטעם (די גרעגאַ-גראַפֿישע סיסטעם אין אמעריקע שטויסט אַרויס די געאָ-מעטרישע-פּיטמאנס).

איך האָב זיך אויך ניט אַנטזאגט צו אויסנוצן איינצלנע געאָמעטרישע צייכנס פֿאר א טייל פּרעפֿיקסן. די געאָמעטרישע צייכנס פֿאַרמאָגן זייער מאַילע, וואָס זיי זיינען זייער בוילעטע, זייער פֿאָרזיכטיק האב איך זיי גענומען. געקליבן אַזעלכע, וואָס זאָלן באַם צונויפֿבינדן מיט אנדערע צייכנס ניט מאכן קיין טעמפּע ווינקלען, וועלכע פֿאַרהאלטן דאָס שרייבן, נאָר שאַרפֿע, וואָס שטערן ניט דער גראַפֿישקייט און גיכקייט.

אונדזער סיסטעם איז אין גרונט אָפּגעהיט, אַז זי זאָל זיין אַפֿן שטרענגסטן אויפֿן אַ גראַפֿישע.

די צייכנס פֿון דעם יידישן אַלעפֿבייז זיינען ניט גענומען געוואָרן פֿון אַנדערע גראַפֿישע סיסטעמען, ווי זיי שטייען און גייען, נאָר זיי זיינען דורכגעזיפּט געוואָרן, ווייל ניט אַלץ, וואָס איז גוט פֿאַר אַן אַנדער שפּראַך, איז גוט פֿאַר דער יידישער, ווו דער בוי פֿון דעם וואָרט איז אַן אַנדערער.

מיר האָבן גענומען אַ צאָל ווערטער פֿון פֿאַרשיידענע טעקסטן מיט אַ צאָל בוכשטאַבן, באַ 13 טויזנט, און אויסגעציילט וויפֿיל מאָל גייט יעדער בוכשטאב מער אָדער ווייניקער אריי אינם שרייבן און לויט דער אויסלייגונג צושטעלט דעם יידישן סטענאָגראַפֿישן אַלעפֿבייז.

דער רעזולטאַט פֿון דער אויסציילונג, וואס האָט זיך באקומען, איז אַנערעך אַזאַ: אויב מיר זאָלן אָנעמען דעם „ה" פֿאַר אַ 1:

צאָל קאָנסאָנאַנטן:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| ר | 1,270 | 10,6 | ק | 295 | 2,5 |
| נ | 1,050 | 8,75 | ש | 272 | 2,3 |
| ט | 878 | 7,3 | ב | 256 | 2,1 |
| ד | 479 | 4,0 | וו | 253 | 2,1 |
| ל | 452 | 3,8 | ז | 249 | 2,1 |
| ג | 396 | 3,3 | צ | 180 | 1,5 |
| פֿ | 362 | 3,0 | כ | 177 | 1,5 |
| מ | 318 | 2,65 | פ | 142 | 1,2 |
| ס | 302 | 2,5 | ה | 120 | 1,0 |

באַמערקונג: די וואָקאַלן זיינען אויך אויסגעציילט געוואָרן:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| א (אַ-אָ) | 1.945 | 16.2 | ע | 1.625 | 13.5 |
| י | 1.207 | 10.6 | יי (eй, aй) | 254 | 2.1 |
| ו | 612 | 5.1 | | | |

די וואָקאַלן ברענג איך ניט אין דער אַלגעמיינער טאַבעלע, ווייל אין דער יידישער סטענאָגראַפֿיע ווערן די וואָקאַלן ניט געשריבן און זיי ווערן אריינגעגאָסן אין די קאנסאנאנטן, בלויז אין איינצעלע פֿאַלן ווערן זיי יאָ געשריבן.

די אויסציילונג באַווייזט אונדז, וועלכע בוכשטאַבן ווערן מער גענוצט אין שרייבן און וועלכע ווייניקער. די מער באַנוצטע האָבן מיר געגעבן אַזעלכע צייכנס, וועלכע האבן אין זיך אַזאַ אייגנשאַפֿט, אַז באם שרייבן זאָלן זיי זיין מער בויגעוודיקער, צוזאַמענבינדן זיך אָן קיינע איבעריקע טעמפּן, זיך גרינג צונויפֿ-שליסן מיט אַן אַנדער צייכן.

פֿיל אַכט איז געלייגט געוואָרן, אַז באַם שרייבן אַ וואָרט זאָל ניט אויסקומען אָפּרייסן די האַנט. אין פֿיל סטענאָגראַפֿישע סיסטעמען איז גראָד אַף דעם ווייניק אכט געלייגט געוואָרן. עס איז אויסגעפֿאָרשט געוואָרן, אז בלויז אַף אָפּרייסן די האַנט פֿון איין וואָרט ביזן צווייטן פֿאַרשווענדט מען צייט פֿון 33 ביז 45 פּראצ.

די וואקאלן ווערן געשריבן צוזאַמען מיט די קאנסאנאנטן:

יים עמ אמ ומ מיי מע מי מו מאָ מא מ

צוויי, אָדער מער קאָנסאָנאַנטן, ווען זיי גייען איינע נאָך די אַנדערע אָן קיין שום וואָקאַל, ווערן זיי געשריבן אין איין צייכן. אַזעלכע ווערטער האָבן מיר אין ייִדיש זייער פּיל. לעמאָשל: שרייבן, שטיפן, ברעכן, קלינגען א.א.וו.

סטר = ר + ט + ס ,כמ = מ + כ ,מפ=פ+מ

די ליניע ווערט באַ מיר אויך אויסגענוצט. עס ווענדט זיך ווי עס שטייט דער צייכן; אונטער דער ליניע האָט ער איין באַ-דייטונג, איבער דער ליניע אַן אַנדער באַ-דייטונג, א.א.וו. באַם פּראַקטיקער איז ניט נויטיק צו אָנצייכענען אַ ליניע. ער קאָן זיך גרינג אָריענטירן אָן דעם.

עס איז פּיל געאַרבעט געוואָרן אַף צונויפקלייבן און פּאַנאַנדערטיילן די ווער טער אַף קלאַסן. קיין גענויע גראַמאַטיק און ווערטער-בוך האָבן מיר ניט, דאָס אַלץ האב איך דורכגעפירט, קלייבנדיק פון די ווערק פון אַנדערע שרייבער און פון צייטונג-אַרטיקלען. די אַרבעט קאָן מען שוין רעכענען פאַר פאַרענדיקט.

עס איז אויך צונויפגעזאַמלט גע-וואָרן אַ גרויסע צאָל (באַ 500 סיגלען (ווערטער-פאַרקירצונגען) פון די מער גאַנג-באַרע ווערטער. די אַרבעט ווערט פאַר-געזעצט.

אין די ציפער איז אויך אריינגע-טראָגן געוואָרן אַ גרויסע פאַרקירצונג.

דער לערנבוך פון דער ייִדישע סטע-נאָגראַפּיע וועט מוזן אַנטהאַלטן 2 טיילן, ווי אין אַנדערע שפּראַכן, אַלגעמיינער און ספּעציעלער. דער אַלגעמיינער טייל לערנט אונדז ווי צו שרייבן דעם וואָרט מיט סטע-נאָגראַפּיע-צייכנס און דאָס גיט אין גאָר אַ קורצער צייט (5—4 כאַדאָשים) די מעג לעכקייט צו פאַרשרייבן באַ 90—80 ווער-טער אין אַ מינוט (אָפן געוויינטלעכן אויפן שרייבט מען 35—25 ווערטער אין א מינוט). דער ספּעציעלער טייל לערנט ווי צו קאָנען אַריינכאַפּן אַ רעדע סטענאָגראַפיש. דאָ איז שוין ווייניק קאָנען בלויז מיט סטענאָ-גראַפישע צייכנס שרייבן. דאָ גיב איך מער קאָמפּליצירטע פאַרקירצונגען, וועלכע פאָ-דערן אַ היפּש ביסל צייט אַף אויסלער-נען זיך:

1) אַרויסלאָז פון וואָקאַלן. די וואָקאַלן קאָנען אָן דער הילף פון די קאָנסאַנאַנטן געלייענט ווערן. פונדעסטוועגן שפּילן די קאָנסאַנאַנטן א גרעסערע ראָל אין שרייבן, האַגאָם אַליין פאַר זיך קאָן מען זיי ניט לייענען. אויב מיר ווילן געמען אַזאַ וואָרט ווי וו—מ—נ, ק—ב—נ—ט, איז לויט דעם קאָנטעקס איז זייער גרינג אָנצושטויסן זיך, אַז דער ערשטער וואָרט, למאָשל, וועט זיין: ווענען, דער צווייטער—קאַבינעט. אויב אָבער מיר ווילן שטעלן די וואָקאַלן אליין, דאַן בלייבט פאַר אונדז א רעטעניש: —ע—ע—, —אַ—י—ע—, דער ערשטער קאָן מאַכן: בעסער, שעפער, בעכער א.א.וו., א.א.וו. דער 2-טער קאָן מאַכן: באַשיצער, גאַלי-קער, פאַסיקער א.א.וו. דעריבער בין איך געקומען צום באַשלוסן אַז ס'איז ניט נויטיק סטענאָגראַפיש אומע-טום צו שרייבן אין מיטן וואָרט אַ וואָקאַל, עס איז גענוג אָנצווייזן אז דא דאַרף ער זיין (דאָס ווערט געטאָן דורך דעם פאַר-בינדונג שטריך) אָן אויסנאָם איז, אַז דער וואָקאַל שטייט אין אָנהויב אָדער סאָף וואָרט. אויב עס קאָן ברענגען צו א מיספאַר-שטייעניש, דאַן קאָן מען אויך אריינשטעלן איין וואָקאַל אין מיטן וואָרט (דעם אַק-צענטירטן).

2) לאָגישע און הער-פאַר קירצונגען. גאַנצע פראַזעס פאַרשרייבן זיך לויט ווי מ'הערט זיי ארויסריידן פון פיל מענטשן, למאָשל: מיר דוכט זיך—מע-דאכצאַך, עס רעט זיך — ס'רעצאַך, מיר ווילן—מירן א.א.וו.

זאַצן ווערן אויך פאַרקירצט דורך אָנהויב און סאָף ווערטער, וועלכע זיינען זייער גאַנגבאַר אין מענטשלעכן ריידן. די לאָגישע פאַרקירצונגען אַרבעטן זיך אויס אין גאַנג פון פּראַקטיק באַ יעדער סטענאָגראַף. דער כיוו פון אַווטאָר איז געבן ביישפּילן, אָנווייזונגען ווו איז מעג-לעך און ווו איז גרינג אריינצופאַלן אין אַ טאָעס.

3) פראַזן גאַנצע איז מעגלעך פאַרשרייבן דורך איין אָדער עטלעכע סטענאָגראַפישע צייכנס.

ברייטער אָפּשטעלן זיך אַף די פרינ-ציפּן, וועלכע מיר איז אויסגעקומען דורכ-צופירן אין גאַנצן פּראָצעס פון מיין אַרבעט וואָלט זייער ווייט פאַרפירט און ס'איז ניט אינטערעסאַנט פאַרן ברייטן אוילעם, דע-ריבער ווילן מיר דערווייל זיך באַנוגענען מיט דעם, וואָס איז שוין ארויסגעזאָגט געוואָרן.

## געדאַנקען וועגן סטענאָגראַפּיע.

סטענאָגראַפּיע מוז ווערן אַ קונסט ניט נאָר פאַר איינצלנע יעכידים, נאָר פאַר אַלעמען. ווייל לויט דעם אויסדריק פון אַ דייטשישן פּראָפעסאָר, ראָזענקראַנץ, איז זי ראַציאָנאַליסטיש און די לעצטע פאָרם פון שרייבן. זי האָט אין דער היגזיכט דערגרייכט די שטופע פון די אַראַבישע ציפער און איטאַליענישע נאָטן פון מוזיק.

*

ניט אומעטום קומט אויס צו באַנוצן אזויפיל אָנ-שטרענגונג פון פיזישע און גייסטיקע קויכעס, ווי אין סטענאָגראַפּיע.

*

סטענאָגראַפּיע אַנטוויקלט דעם זיקאָרן. שטענדיק קומט אויס דעם סטענאָגראַף האלטן איין צאל אין קאָפּ און א צווייטן פאַרשרייבן, דער זיקאָרן אַנטוויקלט זיך אין פּראָצעס פון די איבונגען.

*

— סטענאָגראַפּיע דאָס איז „כינעזישע גראַמאַטע"— זאָגן אַ טייל מענטשן.

— סטענאָגראַפּיע דאָס איז די גייסטע קונסט פון שרייבן—זאָגן סטענאָגראַפיסטן.

* *

סטענאָגראַפּיע איז אַ נייער עטאַפּ אינם שרייבן.

*

אנשטאָט 6-4 שאָ פאַטערן אָפן געוויינטלעכן שרייבן, אין סטענאָגראַפּיע—בלויז איין שאָ.

(שיפער פון דער ייִדישער סטענאָגראַמע).

* * *

גרויס זיינען די נוצן פֿון דער סטענאָגראַפֿיע.

די סטענאָגראַפֿישע קונסט גייט שוין אַרויס פֿון איר ענגע ראַמען — בלויז פֿאַרשרייבן רעדעס, לעקציעס א.א.וו. די סטענאָגראַפֿיע ווערט באַנוצט באַם קולטורעלן מענטשן אין זיין טאָגטעגלעכער אַרבעט.

פֿיל געלערנטע האָבן אַרויסגעגעבן גראָבע בענדער, אָבער ניט קאָנענדיק סטענאָגראַפֿיע, אָבער ניט האָבנדיק באַ זיך קיין סטענאָגראַף, וואָלטן זיי ניט געקאָנט עס אָנשרייבן אַפֿילע פֿאַר זייער גאַנץ לעבן.

איינע פֿון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פֿון דער איצטיקער צייט איז, וואָס ראַציאָנעלער אויסנוצן די צייט. אין אַ מינימום צייט געבן אַ מאַקסימום אַרבעט. נאָר דורך סטענאָגראַפֿיע קאָן מען דאָס אויספֿילן, אַנשטאָט 4—6 שאָ אַרבעט—איין שאָ.

עס קאָן זיין אַז באַם פֿאַרלייענען אַן אַרטיקל אָדער עפּעס אַנדערש קומט אַרויס די פּראָזע ניט אַזוי געראָטן ווי באַם שרייבן אַליין, דערפֿאַר אָבער באַקומט זיך דער געדאַנק אַ גאַנצער דורכגעפֿירט ביזן סאָף און די פּראָזע קאָן מען גרינג פֿאַריכטן אין סטענאָגראַמע.

ניט אופֿאַקערן אָט דעם געביט פֿון קולטור אַף אונזער ייִדישער שפּראַך וואָלט געווען אַ גרויס פֿאַרברעכן. אָרעמערע קולטורן פֿון אונדזערע פֿאַרמעגן שוין אייגענע סטענאָגראַפֿיעס.

פֿון גרעסערע אייראָפּעישע קולטורן איז שוין ניטאָ וואָס צורײדן.

די ציפֿערן פֿון 1915 יאָר ווייזן אונדז ווי ווייט פֿאַרשפּרייט איז דאַן געווען די סטענאָגראַפֿישע קונסט:

דייטשלאַנד: 3831 גרופּן מיט אַ צאָל מיטגלידער 122,126 אין די שולן לערנען זיך 146,171 מאַן.

פֿראַנקרייך: 50 געזעלשאַפֿטן פֿון סטענאָגראַפֿיע. צען שולן בלויז אַף צוגרייטן לערער, 130 קורסן, ציילט באַ 3 מיליאָן מיטגלידער.

אויך אין די קלענערע לענדער ווי טשעכיע, באָלגאַריע און פּאָרטוגאַליע איז די סטענאָגראַף-קונסט שטאַרק אַנטוויקלט.

אין איטאַליע נעמט מען ניט צו אין קיין קאַנטאָר אַן אָנגעשטעלטן, וועלכער קאָן ניט די קונסט פֿון סטענאָגראַפֿיע.

אין ניו-יאָרק אליין איז פֿאַראַן באַ 50 טויזנט סטענאָגראַפֿן (די ציפֿער זיינען גענומען געוואָרן פֿון 1915 יאָר).

אין ענגלאַנד זיינען אין די דרוקערייען פֿאַראַן זעצער וועלכע זעצן גלייך פֿון סטענאָגראַמע. *)

אין מאָסקווע זיינען די סטענאָגראַפֿיסטן גוט אָרגאַניזירט זיי לאָזן ארויס אן אייגענעם זשורנאַל.

אַף דער ייִדישער גאַס. איז די וויסנשאַפֿט דורכגעגאַנגען פֿאַרביי. דער ייִדישער אָקטאָבער איז ניט פֿאַרפֿיקסירט געוואָרן ווי אין אַנדערע שפּראַכן. די צוזאַמענפֿאָרן, קאָנפֿערענצן, אָט די אַלע היסטאָרישע זיצונגען, די רעדעס פֿון אונזערע געזעלשאַפֿטלעכע טוער, וועלכע פֿאַרנעמען פֿאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס, בלייבן ניט דאָקומענטאַל פֿאַרשריבן.

די צייט, וואָס איז אריבער, איז ניט אומצוקערן. איצט אָבער דאַרף ווערן סטענאָגראַפֿיע ניט נאָר א קונסט פֿאַר געציילטע פּראָפעסיאָנאַלן.

דאָס וואָרט איז אַ שטאַרק געווער באַם קעמפֿנדיקן קלאַס, אָט דאָס וואָרט דאַרף באַהערשט ווערן.

סטענאָגראַפֿיע—אַ נייע עטאַפּ אינם שרייבן!

---

*) איינער א פּארלאמענטאַרישער סטענאָגראַף דערציילט, אז די קאָרעקטור פֿון סטענאָגראַמע, וועלכע די זעצער שיפֿרירן פֿאַנאַנדער, איז ניט גרעסער פֿון א קאָרעקטור פֿון א געוויינלעכן אָריגינאַל (זשורנאַל „Вопросы Стеног.“ №2/4 — אַרטיקל—„סטענאָגראַפֿיע אין ענגלאַנד“).

סימכע לעוו.

# די אויסלענדער-פראַגע אין פראַנקרייך.

I.

## די צאָל אויסלענדישע אַרבעטער און זייער ראָל אין דערווירטשאַפט.

פאַר דער מילכאָמע איז פראַנקרייך ניט געווען קיין אימיגראַציע-לאַנד. עס האָבן, עמעס, אין פראַנקרייך געוואָינט אַ מיליאָן מיט צוויי הונדערט טויזנט אויסלענדער, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון סטודענטן, טוריסטן און אַ קליינע צאָל אַרבעטער. קיין אויסזיכטן אַף אַריינעמען אַ גרויסע צאָל אויסלענדער האָט אָבער פראַנקרייך, די פאַרמילכאָמעדיקע, ניט געהאַט. צוליב דער אָפגעשטאַנענקייט פון דער פראַנצויזישער טעכניק, האָט ניט געלוינט אַריינצולייגן די היימישע קאַפּיטאַלן אין דער אָרטיקער קליין-אינדוסטריע און מיטל-קאָמערץ. די פראַנצויזישע קאַפּיטאַלן זיינען געגאַנגען קיין אויסלאַנד, ווו זיי האָבן זיך באַטייליקט אין פאַרשיידענע עקאָנאָמיש-אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און זיינען צוריקגעקומען קיין פראַנקרייך מיט פּראָצענט-רעוואָכים, רענטע. דער „ראַנטיע“ (פּראָצענטניק) איז געווען דער פאַרשפּרייטסטער טיפּ פון פראַנצויזישן געשעפט-מאַן, פון פראַנצויזישן „אָלרייטניק“.

די מילכאָמע האָט אָבער דאָס בילד געענדערט. בעשאַס און נאָך דער מילכאָמע איז אין פראַנקרייך אויסגעוואַקסן אַ גרויסע טעכנישע אינדוסטריע. איינצייטיק, מיטן ווּקס פון דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג אין לאַנד, קומט אָבער אויך פאַר דער צווייטער רעזולטאַט פונם קריג—דאָס פאַרלירן אַרבעט-הענט: פראַנקרייך האָט אין דער מילכאָמע פאַרלאָרן אַ מיליאָן מיט 500 טויזנט מענטשן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען 900 טויזנט פויערים. אויסער דעם האָט די מילכאָמע איבערגעלאָזן פראַנקרייך אַ יערושע אינוואַלידן און ניטאַרבעטפעיקע מענטשן. פראַנקרייך האָט געפּרוּווט דעקן דעם דעפיציט אין אַרבעט-הענט דורך אַריינציען פרויען, יוגנטלעכע און אַפילע קינדער אין די פאַבריקן און זאַוואָדן. דאָס האָט אָבער ניט געקענט דעקן דעם גאַנצן באַדאַרף. עס האָט זיך דעריבער געשטעלט פאַר דער אינדוסטריע די אויפגאַבע פון אַריינציען אין לאַנד אויסלענדישע אַרבעטער-הענט. די פאַרשיידענע רעגירונגען פון פראַנקרייך פירן טאַקע זינט נאָך דער מילכאָמע אַן אַקטיווע אימיגראַציע-פּאָליטיק, אַפילע ביז פירן פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַריינפאָרן אין פראַנקרייך.

דער ווּקס פון דער פראַנצויזישער אינדוסטריע פאַלט ווי-דער צונויף מיטן מאָמענט פון דער פולשטענדיקער רויניִרונג פון מיזרעך-אייראָפּע און מיטן פאַרמאַכן די טויערן פון אַמעריקע. דער כורבן אין מיזרעך-אייראָפּע רופט אַרויס אַ גרויסע עמיגראַציע. דאָס פאַרמאַכן און פאַרווערן די אימיגראַציע קיין אַמעריקע שאַפט אַ פאָרבאַדינג, אַז די עמיגראַציע זאָל זיך אָפּשטעלן אין פראַנקרייך. דער מאַנעוור פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע און איר רעגירונג אַף אַריינציען די אויסלענדישע אַרבעטער קיין פראַנקרייך גיט זיך זייער גיך איין. פראַנקרייך ווערט אַ לאַנד פון אימיגראַציע, אַן אַרבעט-מאַרק פאַר אויסלענדישע אַרבעט-הענט.

וויפל אויסלענדישע אַרבעטער געפינען זיך אין פראַנקרייך און אין וועלכע צווייגן פון דער ווירטשאַפט זיינען זיי באַשעפטיקט?

גענוי פעסטשטעלן די צאָל אויסלענדער איז אומעגלעך. די רעגירונג-סטאַטיסטיק פאַרנעמט זיך נאָר מיט יענע אַרבעטער, וועלכע זיינען אַריינגעפאָרן קיין פראַנקרייך מיט אַן אַרבעט-קאָנטראַקט. די אַלע ווערן געמאָלדן אין די פראַנצויזישע אימיגראַציע-ביוראָס פון די גרענעץ-פונקטן. אַרבעטער, וועלכע קומען אַריין קיין פראַנקרייך אָן אַרבעט-קאָנטראַקטן, ווערן באַטראַכט אַלס אומלעגאַל-אַריינגעקומענע און פיגורירן ניט אַף די אַרבעטער-ליסטן. די אָפיציעלע סטאַטיסטיק איז, ווי מיר זעען, ווייט ניט קיין פולע, קיין אויסשעפנדיקע, ווייל דאָס ראָוו אַרבעטער-אויסלענדער געהערן גראַד צום מין „אומלעגאַלע“. מע גיט אָן די צאָל 2,5 מיליאָן ביז 3 מיליאָן אויסלענדישע אַרבעטער, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר קימאַט אַ פערטל פונם גאַנצן אַרבעטער-קאָלעקטיוו אין פראַנקרייך (14 מיליאָן). לויט די אָפיציעלע ציפערן פון אינערן מיניסטעריום האָבן זיך צום 1-טן יאַנוואר 1925 געפונען 2.845 טויזנט אויסלענדער אין פראַנקרייך. ווי מע רעכנט, זיינען 80—90 פּראָצענט פון די אויסלענדער—אַרבעטער. לויט דעם כעשבן קומט אויס, אַז צום 1-טן יאַנוואר 1925 האָבן זיך אין לאַנד געפונען צוויי מיט אַ האלבן מיליאָן אויסלענדישע אַרבעטער. ווען מע נעמט אין באַטראַכט, אַז זינט דעם יאָר 1921 קומען יאָר-יערלעך אַריין 200 טויזנט אַרבעטער דורכשניטלעך (אָפיציעלע סטאַטיסטיק), קאָן מען האַלטן, אַז די צאָל 3 מיליאָן איז ניט קיין איבערגעטריבענע.

אין וועלכע צווייגן פון דער ווירטשאַפט זיינען באַשעפטיקט די אויסלענדער?

פאַר די לעגאַל-אַריינגעקומענע אויסלענדער האָט די רעגירונג אַ פאַרמיטלונג-ביוראָ, וועלכע גיט באַשעפטיקונג די אויסלענדישע אַרבעטער. פון די 297 טויזנט אָפיציעל פאַרעגיסטרירטע אויסלענדישע אַרבעטער, וועלכע זיינען אַריינגעפאָרן יאָר אין 1923 האָבן:

| | |
|---|---|
| 31.040 | געאַרבעט אין די קוילן-גרובן. |
| 4.850 | „ „ „ אייזן-גרובן. |
| 40.550 | „ „ דער בוי-אינדוסטריע. |
| 24.280 | „ „ „ שטיין-האַקעריי. |
| 13.350 | „ „ „ מעטאַלורגיע און באַ מעטאַל. |
| 48.380 | „ באַ שוואַרץ-אַרבעט. |
| 83.690 | „ „ אַגרי-קולטור. |
| 51.290 | „ „ פאַרשיידענע אַרבעטן. |
| סאַכאַקל: 297.430 | |

פֿון דער טאַבעלע איז צו זען, אַז די גרעסטע צאָל אויסלענדישע אַרבעטער זיינען באַשעפֿטיקט אין דער אַגרי-קולטור (מער ווי 83 טויזנט, באַ 30 פראָצענט). דאָס איז זייער נאַטירלעך, ווייל שוין פֿאַר דער מילכאָמע האָט פֿראַנקרייך זיך גענויטיקט אין 400 טויזנט ערד-אַרבעטער, וועלכע זי האָט שוין ניט געקאָנט דעקן מיט אייגענע הענט. די מילכאָמע האָט נאָך טיפֿער געמאַכט דעם ריס. (9 הונדערט טויזנט געהאַרגעטע פויערים) דערצו נאָך איז די אויסגעוואַקסענע שטאָטישע אינדוסטריע אַ מוירעדיקער קאָנקורענט פֿאַר דער פויערישער ווירטשאַפט. די דאָרפֿישע באַלעבאַטישקייט איז שטארק צוברעקלט און טעכניש אָפגעשטאנען. די אַגראַריער קאָנען ניט צאָלן דיזעלביקע סכירעס, וואָס עס צאָלן די שטאָטישע אינדוסטריעלער. דער דאָרף עמיגרירט דעריבער אין שטאָט. עס טרעפֿן פֿאַלן, ווען פערמער לאָזן איבער זייערע אייגענע פֿעלדער און גייען אַוועק אַרבעטן אין פֿאבריק. דער רעזולטאט פֿון דערדאָזיקער עמיגראַציע איז די קעסיידערדיקע פֿאַרקלענערונג פֿונם זיי-שעטאך. אין 1924 יאָר זיינען מער, ווי אַ מיליאָן העקטאר ערד געבליבן אומבאארבעט. דער פראָלעטאריזירונג-פראָצעס ווערט ניט ארויסגערופֿן **צוליבן איבערפֿלוס פֿון אַרבעט-הענט אין דאָרף, נאָר צוליב דער אומפֿעיִקייט פֿון דער ערד-ווירטשאַפֿט צו קאָנקורירן מיט דער שטאָטישער אינדוסטריע**. דאָס דראָט מיט שווערע עקאָנאָמישע פֿאלגן פֿאר פֿראנקרייך, ווו די אַגראר-ווירטשאפֿט איז נאָך אַלץ איינע פֿון די הויפט-עלעמענטן פֿון דער נאציאָנאלער עקאָנאָמיק. אין „לא זשורניי אינדוסטריעל" פֿון 14-טן יאנוואר 1924 ווערט געבראכט פֿאָלגנדיקער כאַראַקטעריסטישער פֿאל:

אַ פֿערמער האָט פֿעלדער נאָענט באַ אַ שטאָט. אף צו באארבעטן זיינע פֿעלדער האָט ער, נאָך צוויי טעג זוכן, אופֿגעשטעלט אזא מין פערסאָנאל: 5 קליינע שכיינעסדיקע ערד-באזיצער, 2 קאָמערסאנטן, 1 שוימער פֿון דעם אָרטיקן קלויסטער, 1 גערטנער, 1 פאָסט-באאמטער, וואָס האָט גראד געהאט קאַניקולן, 1 ראנטיע און בלויז 4 באטראַקעס. ווי מיר זעען, איז דער גאנצער פערסאָנאל אַ צופֿעליקער. די געדונגענע פֿאכלייט שטעלן מיט זיך פֿאָר בלויז אַ פֿערטל פֿונם גאנצן פערסאָנאל. עס איז אויך קעדאי צו באַקאָנען זיך מיטן עלטער פֿונם פערסאָנאל: 1 פֿון 30 ביז 40 יאָר, 4 פֿון 40 ביז 50 יאָר, 4 פֿון 50 ביז 60 יאָר, און 5 פֿון 60—ביז 70 יאָר. וואָס יינגער, אַלץ וויניקער גייט מען צו ערד-אַרבעט. די יוגנט לויפט אין שטאָט אריין. די נאָרמאלע פֿונקציאָנירונג פֿון דער דאָרפֿישער ווירטשאפֿט וועט נאָך אַ לאנגע צייט זיין אָפהענגיק פֿון דער אַריינדרינגונג אין איר פֿון „פרעמדע" אַרבעט-הענט. **דאָס צוציען אויסלענדישע אַרבעט-הענט צו ערד-אַרבעט איז אַ לעבן-פֿראגע פֿאר דער פֿראנצויזישער אַגרי-קולטור.**

דעם צווייטן אָרט באַ די אויסלענדער פֿאַרנעמט די באַשעפֿטיקונג מיט שוואַרץ-אַרבעט. דידאָזיקע דערשיינונג איז זייער אַן אינטערעסאַנטע און איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן עקספלואַטאַציע-אויפֿן פֿונם נאָכמילכאָמעדיקן קאַפּיטאַליזם, וועלכער נוצט אויס די אומקוואַליפֿיצירטע ארבעטער פֿון די אָפגעשטאַנענע לענדער.

שטאַרק פֿאַרטראָטן זיינען די אויסלענדער אין דער קוילן-אינדוסטריע. אַף 315 טויזנט קוילן-גרעבער געפֿינען זיך מער, ווי 100 טויזנט אויסלענדער (אַ דריטל). פֿאַראַן גרובנס, ווו די צאָל אויסלענדישע אַרבעטער דערגייט ביז 70 פראָצענט (אַסטריקור, דראקור און אַנדערע). די פֿאַרטרעטער פֿון די קוילן-מאַגנאַטן האַלטן אין איין אופֿאָדערן די רעגירונג צו זען ברענגען פוילישע קוילן-גרעבער צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס, קעדיי אַזוי אַרום זיי איינפלאַנצן אין פֿראַנקרייך, ווייל עס איז „אַ קוואַל פֿון יונגע קוילן-גרעבער".

מיר קומען צום אויספֿיר, אַז וואָס אַנטוויקלטער עס איז אַ פראָדוקציע-צווייג אין פֿראַנקרייך, אַלץ מער אויסלענדער באַשעפֿטיקט זי. **די אויסלענדישע אַרבעט-הענט זיינען דער מאַסשטאַב פֿון דעם פראָדוקציע-וווקס אין לאַנד.**

לויט די נאַציאָנאַליטעטן טיילן זיך די אויסלענדער אַף פֿאָלגנדיקן אויפֿן:

| | |
|---|---|
| איטאַליענער | מער ווי 1,000,000 (אין קיילעכדיקע ציפֿערן) |
| שפּאַניער | — — 500,000 |
| בעלגיער | — — 500,000 |
| פוילן | — — 400,000 |
| באַלקאַנער | — — 150,000 |
| רוסן | — — 90,000 |
| טשעכן | — — 60,000 |
| פּאָרטוגאַלער | — — 35,000 |
| אַרמענער | — — 35,000 |
| לוקסעמבורגער | — — 35.000 |
| אונגאַרן | — — 30,000 |
| אַטאַמאַנער | — — 30,000 און א. ו. |

.II

## די עקאָנאָמישע און רעכטלעכע לאַגע פֿון אויסלענדישן אַרבעטער.

די עקאָנאָמישע לאגע פֿונם אויסלענדישן אַרבעטער שטייט אין אַסאַך הינזיכטן אָפּ פֿון דער לאַגע פֿון פֿראַנצויזישן ארבעטער. אויב דער אינלענדישער אַרבעטער פֿאַרדינט קוים אַף כאַיונע, באַקומט דער אויסלענדישער ארבעטער איננאַנצן אַ הונגער-לוין. סאַי אין די קוילן-גרובן, סאַי אין דער בוי-אינדוסטריע, סאַי אין דער מעטאַלורגישער און באַ טעקסטיל באַקומען די אויסלענדער מיט 30--25 פראָצענט נידעריקערע סכירעס, ווי די אינלענדישע. אין דער אַגרי-קולטור, ווו די אויסלענדער זיינען שטאַרק פֿאַרטראָטן, אַרבעט מען 10, 12 און 14 שאָ אַ טאָג. באַזונדערס שלעכט איז דער גורל פֿון קאָנטראַקטירטן אַרבעטער. דער עמיגראַנט שרייבט אונטער דעם קאָנטראַקט באַ זיך אין געבורט לאנד, ניט קענענדיק די שפראַך פֿון קאָנטראַקט, ניט וויסנדיק וואָס דאָרט שטייט און ניט אָריענטירנדיק זיך אין די

אַרבעט-באַדינגונגען, וואָס הערשן אין לאַנד, וווּהין ער קלייבט זיך פאָרן. ערשט קומענדיק אפן אָרט, זעט זיך דער אַרבעטער אַרום אין וואָס פאַר אַ בלאָטע ער איז אַריינגעקראָכן...

די קאָנטראַקטן ווערן געוויינטלעך געמאַכט אַף א יאָר. אין משך פון דעם יאָר טאָר זיך דער אַרבעטער ניט רירן פון אָרט. אַזוי ווי אָבער די שרעקלעכע אַרבעט-באַדינגונגען שטויסן דעם אַרבעטער צו קליגן זיך און זוכן מיטלען ווי אַרויסצודרייען זיך פון די קאָנטראַקטירטע קייטן מיט דער הילף פון אַנטלויפן אין דער שטיל, איז די פּוּאַנקאַרע-רעגירונג פאַרלאָפן דעם וועג און האָט אָנגענומען אַ געזעץ, אַז „קיין באַלעבאָס טאָר ניט געבן קיין באַשעפטיקונג אַן אַרבעטער, באַ וועמען אין פּאַספּאָרט איז ניט אָנגעשריבן בעפיירעש, אַז ער איז אַ ספּעציאַליסט פון דער אַנטשפּרעכנדיקער אַרבעט-קאַטעגאָריע" און אַז „אַן אויסלענדישער אַרבעטער, וואָס וואָינט אין פראַגקרייך ווייניקער, ווי אַ יאָר, מוז נאָך דערצו ביילייגן אַ ספּעציעלע באַשטעטיקונג פון זיין פריערדיקן באַלעבאָס, אַז ער האָט פאַרלאָזן זיין אַרבעט-פלאַץ מיטן הסכם און וויסן פונם לעצטן".

דערדאָזיקער געזעץ גיט איבער דעם אויסלענדישן אַרבעטער געבונדענערהייט אין די הענט פון די אינדוסטריעלער אַף אומבעראַכמאָנעסדיקער עקספּלואַטאַציע. פאַרן געזעץ האָבן אויך געשטימט די סאָציאַליסטן מיטן אויסרייד, אַז ער שיצט די אינלענדישע אַרבעטער פון אַ ווילקירלעכער קאָנקורענץ מיצאַד די אויסלענדישע אַרבעטער אַפן אַרבעט-מאַרק און גיט די מעגלעכקייט פון קאָנטראָלירן און נאָרמאַל צוטיילן די אויסלענדישע אַרבעט-קראַפט. די סאָציאַליסטישע טאַינעס זיינען אָבער פּונקט אַזוי צוויעסדיק, ווי פאַרעטעריש: דער געזעץ דינט נאָר די באַלעבאַטים אַף דריקן די אַרבעטער-לוינען פון דעם פראַנצויזישן אַרבעטער גופע, אויסנוצנדיק די ביליקע אויסלענדישע אַרבעטער. דער געזעץ טראָגט אַריין אַ דעמאָראַליזאַציע אין די רייען פון אַרבעטער-קלאַס, צושפּאַלטנדיק אים לויטן נאַציאָנאַלן סימן און אופשטעלנדיק איין טייל זיינעם (די פראַנצויזן) קעגן צווייטן (אויסלענדער).

ווי אַ שווערע מאַסע, דריקן אַפן אויסלענדישן אַרבעטער די „אומזיסטע" דירעס. דער פּאַטראָנאַט האָט אויסגעבויט אַ רייע ענגע, נידעריקע און שמוציקע באַראַקן, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן פאַר וואָינונגען פאַר די אימיגרירטע אַרבעטער. באַם שליסן דעם קאָנטראַקט, ווערט דעם אַרבעטער געזיכערט אַן „אומזיסטע" דירע. אָט די „אומזיסטע" וואָינונגען פאַרקנעכטן דעם אַרבעטער אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט. ווען דער אַרבעטער פאַרלירט זיין פלאַץ, פאַרלירט ער צוזאַמען דערמיט אויך דעם דאַך איבער זיין קאָפּ. ער ווערט אַזוי אַרום צוגעשמידט צו דער פאַבריק, אָדער קוילן-גרוב, וווּהין ער איז אַריינגעפאַלן באַ זיין אָנקומען אין לאַנד. באַם וואָינונגס-קריזיס, וואָס הערשט אין פראַנקרייך, איז פאַר אַן אַרבעטער אוממעגלעך צו פאַרלאָזן זיין פריערדיקן אָרט און שלעפּן זיך מיט זיין פאַמיליע פון איין אָרט צום צווייטן.

יורידיש איז דער אויסלענדישער אַרבעטער רעכטלאָז. די „גאַסטפריינטלעכע" פראַנקרייך לאָזט דעם אויסלענדישן אַרבעטער אַף אַדמיניסטראַטיוון ווילקיר פון די פּאָליציי-פּרעפעקטן. יעדער אויסלענדער קען אַרויסגעשיקט ווערן פון לאַנד לויטן איינזען און ווילן פון דער פּאָליציישער מאַכט. די סאַקאָנע פון אַרויסגעשיקט צו ווערן הענגט אומאויפהערלעך איבערן קאָפּ פון אויסלענדישן אַרבעטער. פאַר באַטייליקן זיך אין א פאַרזאַמלונג, פאַר קומען אַף אַ מיטינג, ווער רעט, פאַר אָנטיילנעמען אין אַ פּאָליטישער אָדער פּראָפעסיאָנעלער אַקציע איז די איינציקע שטראָף—צ ו ש ט ע ל ן צ ו ם ג ר ע נ ע ץ. דער אויסלענדער האָט ניט קיין לעגאַלע רעכט פון אָנפירן מיט אַ סינדיקאַט, ער טאָר אַפילע ניט געהערן צו א סינדיקאַט. מיט אַנדערע ווערטער: פאַרן אויסלענדער עקזיסטירט ניט דער געזעץ וועגן קאָאַליציע און שטרייק-רעכט, אָט דער „אַלעף" פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע! פיל אַרבעטער זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון לאַנד פאַרן „פאַרברעכן" פון אַרויסטרעטן אַף א פאַרזאַמלונג פון די שטרייקנדע אַרבעטער אין רענאָס פאַבריק (די גרעסטע אַווטאָמאָבילן-פאַבריק אין פראַנקרייך), כאָטש זיי זיינען אַליין אַרבעטער פון דערזעלביקער שטרייקנדיקער פאַבריק (מאַי 1926).

די אויסלענדישע אַרבעטער זיינען אויסגעשלאָסן פון סאָציאַלער-פאַרזיכערונג, פון הילף אין פאַל פון אַרבעטלאָזיקייט, אומגליק-צופאַלן באַ דער אַרבעט, פון שטיצע פאַר גרויסע פאַמיליעס און ד. גל. די אויסלענדער געניסן פאַקטיש ניט פון געזעץ וועגן לאָקאַטאָרן-שוץ. זיי האָבן ניט קיין וואַל רעכט אַף באַשטימען די גרובן און אונטערנעמונג-דעלעגאַטן, זיי טאָרן ניט אָנפירן מיט די קראַנקן-קאַסעס אָדער אַווטאָנאָמע גרובן-קאַסעס, עס איז דאָך שוין איבעריק צוצוגעבן, אַז זיי האָבן ניט קיין פּאָליטישע וואַל-רעכט.

די פּרעסע-פרייהייט עקזיסטירט ניט פאַר די אויסלענדישע אַרבעטער. דער אָרגאַן פון די רעוואָלוציאָנערע פּוילישע אַרבעטער: „טריבונאַ ראָבאָטניטשאַ" האָט אין משך פון עטלעכע כאַדאָשים דריי מאָל געביטן דאָס קעפּל... פּוּאַנקאַרען זיינען נאָך די פּרעסע-רעפּרעסיעס געווען ווייניק. זיין אינערן-מיניסטער אַלבער סאַראַ גיט אין אָקטאָבער-כוידעש אַרויס אַ צירקוליאַר צו די פּאָליציי-פּרעפעקטן, ווו ער פאָדערט זיי אויף „אָנעמען די געהעריקע מיטלען אַף צווינגען די אויסלענדער צו רעספּעקטירן אַפן פּינקטלעכסטן אויפן די געזעצן פון דער פראַנצויזישער מעלוכע, וועלכע האָט געשאָנקען די אויסלענדער א ברייטע גאַסטפריינטלעכקייט". „די אויסלענדער, זאָגט ווייטער דער צירקוליאַר— טאָרן ניט אַריבערטראָגן אַ הער אין לאַנד זייערע איבערווייניקסטע קאַמפן און ריסערייען פון זייערע היימען (אַן אָנצוהערעניש. אַז מ'טאָר ניט אַרויסטרעטן קעגן פאַשיזם אין איטאַליע און ווייסן טעראָר אין פּוילן. ס. ל.), ווייל דערמיט באַדראָען זיי די אַלגעמיינע רו און אָרדענונג". דער צירקוליאַר האָט שוין געגעבן זיינע ערשטע פרוכטן: עס איז פאַרמאַכט געוואָרן די טעגלעכע ציַיטונג פון די איטאַליענישע אַרבעטער פאַר אירע אַנטיפאַשיסטישע אַרויסטרעטונגען, ווי אויך „דער עמיגראַנט", דער לעצטער נאָמען-גילגל פון דער פּוילישער „אַרבעטער טריבונע".

די רעגירונג באַמיט זיך די אויסלענדער צו אויסמישן. מ'לייגט די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט אַף שאַפן א געמיש פון

פֿעלקער און שפּראַכן אין די אינדוסטריע-ראַיאָנען. דאָס ווערט געטאָן מיט דער קאַוואָנע פֿון אסימילירן די אויסלענדישע אַרבעטער. מ׳פֿאַרגעסט אָבער דערביי, אז מיטן אריינדרינגען פֿון אַזאַ גרויסע צאָל אויסלענדער, וועלכע קאָנצענטרירן זיך גראָד קעגן ווילן פֿון דער רעגירונג און אירע מיטהעלפֿער אין באַשטימטע ראַיאָנען (אין אלפן-ראיאָן—איטאַליענער, אין די קוילן-גרובן—פוילן), ווערט דאָס לאַנד פֿארוואַנדלט אין אַ נאציאָנאליטעטן-שטאַט, ווו די פֿראַגע פֿון די רעכט פֿאר די אריינגעוואנדערטע מינדערהייטן, ווי אַ נאַציאָנאלע פראָבלעם, און קאָאַליציע רעכט פֿאר די ארבעטער, ווי אַ סאָציאלע פראָבלעם, וועט זיך פֿריער-שפּעטער מוזן שטעלן.

III.

## די פּערספּעקטיוון פֿון דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פֿון פֿראַנקרייך און די אויסלענדער.

די פּואַנקאַרע-הערריאָ-רעגירונג איז, זעט אויס, אַנטשלאָסן צו גיין אַפֿן וועג פֿון סטאַביליזאַציע. פּואַנקאַרע כאָטש אַפֿילע לויט די אינפֿאָרמאציעס פֿון די גרויס-בורזשואַזע ציַיטונגען וועגן דערפֿירן דעם פֿונט צו א פּאַריטעט פֿון 50, 25 פֿראַנק!.. קלאָר, אז א סטאַביליזאציע לויטן נוסעך פּואַנקאַרע וועט ברענגען צו אַן אָפּהאַלט אין דער פּראָדוקציע, צו א שווערן עקאָנאָמישן קריזיס און זיין באַגלייטער — אַרבעטלאָזיקייט.

סימאָנים פֿון ארבעטלאָזיקייט ווייזן זיך שוין דאָ און דאָרטן. רענא, דער פֿראַנצויזישער פֿאָרד, וואַרפֿט שוין איבער זיינע ארבעטער פֿון איין אַטעליע אין דער צווייטער, ווייל „אין געוויסע אָפּטיילונגען פֿעלן אויס ארבעט“. שוין פֿרעגן די ארבעטער אין ציטערניש: צי איז שוין ניט אמאל דער אָנהויב פֿון גרויסן הונגער און נויט? „עס איז נאָך ניט קלאר — שרייבט אַן אַרבעטער פֿון רענאָס פֿאבריק אין „ארבעטער-שטימע“ נומער 41 (95) — צי עס איז שוין דער גרויסער קריזיס, צי עס איז נאָר אַ פֿאַרבייגייענדיקער“. אן אַרבעטלאזיקייט אין דרוקער-פֿאַך, אַ שוואַכער סעזאָן בא אלע סעזאָן-אַרבעטן (מאראקענערי, קאָנפֿעקציאָן און ד. גל.), הונדערטער ארבעטלאָזע אין יעדער שטאָט און שטעטל — דאָס זיינען די ערשטע שוואלבן פֿון דער גרויסער אַרבעטלאָזיקייט, וואָס רוקט זיך אָן, ווי א שווערע פֿינצטערע כמאַרע, אַף די הימלען פֿון פֿראַנצויזישן ארבעטער.

אויב אין אינפֿלאַציע-פעריאָד און אַדאנק אים האָט די אינדוסטריע איינגעהאלטן איר אַקטיוויטעט און האָט זיך געניטיקט אין אויסלענדישע ארבעט-הענט, וועלן די סטאַביליזאציע און קריזיס שטעלן די פֿראַגע פֿון **איבעריקע** אַרבעט-הענט. וואָס זאָל מען טאָן מיט די אויסלענדישע ארבעטער? די רעפֿאָרמיסטישע סינדיקאַטן און די סאָציאַליסטן האבן אַף דעם אַ גרייטן טערעך: **אַרויסשיקן**. „דער מאָר האָט זיין ארבעט אָפּגעטאָן, דער מאָר קאָן גיין“. די סאָציאַליסטן פֿאַרשטייען ניט, אָדער מאכן זיך ניט פֿארשטיין, אַז די באַלעבאַטים וועלן אויסנוצן די בעהאָלע-צייט אף שאפֿן אַ קאָנקורענץ אַפֿן ארבעט-מארק צווישן די פֿראַנצויזישע און אויסלענדישע אַרבעטער, קעדיי אַזוי אַרום אַראָפּדריקן די אַרבעטלוינען. אין דעם ווייטערדיקן גאנג פֿון קריזיס וועלן, מיסטאָמע, די באלעבאטים פֿאָלגן די אייצע פֿון די רעפֿאָרמיסטן און וועלן ארויסוואַרפֿן אפֿן גאס די אויסלענדישע אַרבעטער. נאָך דעם 19-טן פֿעברואר 1926 האָט די ס. זש. ט. (רעפֿאָרמיסטן) אַרויסגעלאָזן א מאניפֿעסט, ווו זי פֿאָדערט אַ סטאַביליזאַציע-פּאָליטיק. דער מאניפֿעסט דערקלערט ציניש: „אין זין פֿון ארבעטלאָזיקייט, וואָס מען קען פֿאָרויסזען, געפֿינט זיך פֿראַנקרייך אין אַ גליקלעכער לאגע: אַף איר טעריטאָריע געפֿינען זיך צוויי מיט א האַלב מיליאָן אויסלענדישע ארבעטער“. אַזוי פּאסן אוף די סאָציאַליסטן אַרבעטער-סאָלידאַריטעט און אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער-אכדעס!

די קאָמוניסטן און די אוניטאַרע סינדיקאטן (סעקציע פֿון רויטן פראָפֿינטערן) גיבן אף דער פֿראגע אַן אַנדער ענטפֿער. סטאַביליזאַציע? יאָ, אָבער אפֿן כעשבן פֿון די קאַפּיטאַליסטן דורך פֿאַרמעגן-שטייער, איינקונפֿט-שטייער, ירושע-שטייער, נאציאָנאַליזירן די בענק און דעם אויסערן-האנדל אונטערן קאָנטראָל פֿון די ארבעטער און ד. גל.; אָנשטאָט קאַמף מיט די אויסלענדישע אַרבעטער (רעפֿאָרמיסטישע שיטע), אַן אומבעראַכמאָנעסדיקן קאמף מיט דער בורזשואזיע: אָפּהיטן דעם 8-שאָעדיקן ארבעטטאָג און אַזוי אַרום לינדערן די ארבעטלאָזיקייט; קעמפֿן, אַז דער אויסלענדישער ארבעטער זאָל באקומען דיזעלבע סכירעס, וואָס דער פֿראַנצויזישער, און אזוי ארום אָפּהיטן אים פֿון ווערן אַ געצייג פֿאר לוין-דריקונג אין די הענט פֿון די אינדוסטריעלער און פֿאַבריק-דירעקציעס. די קאָמפּאַרטיי פֿאָדערט אויך פֿיל פּאָליטישע און סאָציאַלע רעכט פֿארן אויסלענדישן ארבעטער: וואלרעכט, שטיצע אין פֿאַל פֿון ארבעטלאָזיקייט, קרענק און אַנדערע.

אין דער פֿראַגע פֿון באַציִונג צו די אויסלענדישע אַרבעטער זיינען פֿאראן צוויי צוגאַנגען: דער סאָציאל-פֿאַרעטערישער, וואָס קומט צום אויסדרוק אין די ווערטער פֿון זשואָ: „מיר האלטן ניט, אז די אויסלענדער און קאָלאָניאַלע-אַרבעטער דארפֿן באַקומען דיזעלבע סכירעס, וואָס די פֿראַנצויזישע אַרבעטער: זיי זיינען ווייניקער פראָדוקטיוו און האָבן קלענערע באַדערפֿענישן“, מיט אַנדערע ווערטער: דער לידער פֿון רעפֿאָרמיסטישן סינדיקאליזם וויל אין די רייען פֿון אַרבעטער-קלאס גופֿע איינשטעלן פריוויליגירטע און אומפּריוויליגירטע קאַטעגאָריעס; דער קאָמוניסטישער, וואָס פּראָקלאמירט דעם לאָזונג: **פֿאר גלייכע אַרבעט, גלייכע סכירעס און פֿאָדערט גלייכע פּאָליטישע און סאָציאַלע רעכט פֿאַר אַלע אַרבעטער, אָן אונטערשייד פֿון שפּראַך, לאַנד און ראַסע-אָפּשטאַמונג.**

ב. אָרשאַנסקי.

# וועגן איין ווינקעלע אין „דער רויטער וועלט“.

צוויי זשורנאַלן האָבן מיר אין אונדזער ראַטנפאַרבאַנד. צוויי זשורנאַלן ניט נאָר קיין גרויסע, וואָס קאָנען קוים באַפרידיקן אונדזער נייטיקן, וואוקס פון קולטור־פאָדערונגען און קולטור־נויטן.

וואַקסט בײַ אונדז אַ גרויסע צאָל יונגע שרײַבער: פּאָעטן, בעלעטריסטן, פּובליציסטן; עס הייבן זיך אָן צו ווײַזן יונגע געלערנטע, יונגע קריטיקער, וואָס דאַרפן, וואָס מוזן האָבן אַן אָרט, ווו צו דרוקן זיך. בײַ אונדז וואַקסט אַ גרויסער, נײַער, יונגער געבוירענער אויף דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור אין אַלע אירע פאָרמען און אויף אַלע אירע געביטן....

ווער קאָן דאָס שוין איצט לייקענען?

נאָך מער, צו אונדז הייבן זיך אָן אומצוקערן אונדזערע בעסטע ליטעראַטן אין פּאָעטן פון „כאַלויעס“. ווי קומען ווידער צו אונדז, זיי ווילן אַרבעטן אין סאָוועטנפאַרבאַנד, זיי ווילן דינען דעם פּראָלעטאַריאַט.

איז דאָך קלאָר, אַז אַפילו אָט די צוויי עקזיסטירנדיקע זשורנאַלן זײַנען שוין ווייניק פאַר אונדז, אָדער וועלן אינגיכן, נאָר אינגיכן ווערן ווייניק....

אַלנפאַלס, דאַרף יעדער זשורנאַל, וואָס עקזיסטירט אין ראַטנפאַרבאַנד דורך אונדז אַלעמען געשטיצט ווערן אַפילו דאַן, ווען ער איז ניט גאָר באַפרידיקנדיק. ווײַל מיר ווייסן דאָך ווײַטער גוט, ווי שווער עס איז אונדז אַרויסצוגעבן אַ זשורנאַל, ווען אונדזערע קאָמוניסטישע ליטעראַטור־קרײַזן זײַנען פאַרוואַרפן מיט פּאַרטייִשער אַרבעט, ווען עס איז בײַ דעם אָנפאַנג פון אונדזערע עקזיסטירנדיקע זשורנאַלן געווען זייער אַ שוואַכע און צעשטויבטע ליטעראַטור. אונדזערע איצט עקזיסטירנדיקע זשורנאַלן זײַנען דאָך קוים די ערשטע, וואָס האָבן גענומען אָרגאַניזירן די נײַע ייִדישע פּראָלעטאַרישע און סאָוועטישע ליטעראַטור, אויב מע זאָל ניט רעכענען די צײַטונגען.

דאָס אַלין האָבן מיר אין זינען געהאַט, ווען מיר האָבן געלייענט דעם זשורנאַל „די רויטע וועלט“ אין זײַן ע ר ש ט ן פּעריאָד.

מיר האָבן וועגן דעמאָלטיקן זשורנאַל קיין מאָל ניט געשריבן, ווײַל צו יענער צײַט איז די איינציקע „מאַלע“ זײַנע געווען דאָס, וואָס ער האָט עקזיסטירט. קיין אַנדערע מאַלעס האָט דעמאָלטיקער זשורנאַל צום באַדויערן, ניט געהאַט. מיר האָבן ניט געוואָלט שרײַבן קיין שלעכט וואָרט וועגן אים, ווײַל מיר האָבן אויסגעצײַכנט געוווּסט, אַז אַראָפּרײַסן אַ זשורנאַל איז פיל גרינגער, איידער שאַפן אים. מיר זײַנען געווען זיכער, אַז מ י ט ד ע ר צ ײַ ט וועלן אונדזערע אוקראַיִנישע כאַוויירים אַרומקוקן זיך, זיי וועלן באַמערקן די כעסרוינעס, זיי וועלן דיזאָזיקע כעסרוינעס אויסבעסערן און עס וועט זײַן אַ גוטער קאָמוניסטישער קולטור־אָרגאַן בײַ די ייִדישע אַרבעטער.

מיר קאָנען קאָנסטאַטירן מיט דער גרעסטער צופרידנקייט, אַז דער ערשטער פּעריאָד, ווען „די רויטע וועלט“ פלעגט אָנפילן דעם זשורנאַל מיט וואָס עס פלעגט זיך מאַכן אונטער דער האַנט, ווען מע פלעגט דאָרט איבערדרוקן פון איין נומער „פּראַוודאַ“ אין פון דער ערשטער זײַט עטלעכע אַרטיקלען — דעראָזיקער פּעריאָד איז שוין צו אונדזער אַלעמענס פרייד פאַרבײַ. דער זשורנאַל „די רויטע וועלט“ אין כאַרקאָוו הייבט שוין אָן צו ווערן ענלעך אויף אַ זשורנאַל. דערהויפּט קאָן מען מיט צופרידנקייט אונטערשטרײַכן, אַז די פּאָליטיש־פּובליציסטישע אָפּטיילונג ווערט וואָס פון נומער אַלץ לײַטישער. דער זשורנאַל ווערט רײַכער, פאַרביקער און איצט איז דאָ פיל מער האָפענונג, אַז „די רויטע וועלט“, בײַ אַ ווײַטערדיקער אָנשטרענגונג פון דער רעדאַקציע, זאָל ווערן אַ גוטער און נוציקער זשורנאַל.

איין ווינקעלע אין „דער רויטער וועלט“ איז פאַרבליבן, וועלכן די רעדאַקציע האָט, מאַשמאָעס, אינגאַנצן פאַרגעסן, דאָס איז די „ביבליאָגראַפיע“. עס גלויבט זיך קוים, אַז ווער עס איז פון די רעדאַקטאָרן, ב אַ ז ו נ ד ע ר ס די ק אָ מ וּ נ י ס ט ן, זאָלן ווען עס איז באַטיט אַרײַנשטעקן אין דעמאָלטיקן ווינקעלע. ווײַל עס איז אוממעגלעך פאָרצושטעלן זיך, אַז אַ ליטעראַט מיט אַ בישאַרייעך פון אַ סאָוועטישן געזעלשאַפטלעכן טועער (מיר רעדן שוין ניט פון אַ קאָמוניסט) זאָל קאָנען אַריבערטראָגן דאָס, וואָס ווערט דאָרט טאָגין אָפּט געדרוקט.

אין נומ. 3 פון זשורנאַל „די רויטע וועלט“ פאַר 1926 יאָר, אין דער אָפּטיילונג „ביבליאָגראַפיע“ איז געווען געדרוקט אַ רעצענזיע פון עפּעס איינעם אַ ליטעראַט ה. איסאַקאָוויטש וועגן ע. פינינבערגס „גאַלאָפּ“. אין דעראָזיקער רעצענזיע ווערט געשריבן בוכשטעבלעך פאָלגנדעס:

„פאַרשיידענע פאַרשוינען, עמעס, האָבן פאַר די לעצטע יאָרן געפּרוּווט פאַרשטעלן דעם נײַעם לייענער מיט געבאָרטע פּראָזן, אויף נײַך געפּלאָנטערטע און געסליגעטע, אַראָפּגעשריבענע פון ברוינשטעלערס, פון רינגקע קאָמפּילאַציעס און מאָגערע בראָשורקעלעך“.

וואָלט, איינגעלעך, געקלעקט אָט דיזאָזיקע „הײַנט“־שפּראַך פאַר אַ רעצענזענט פון אַ קאָמוניסטישן אָרגאַן. איז דעמאָלטיקן רעצענזענט אָבער אָט די געסליגעטע „הײַנט“־שפּראַך ווייניק. ער גייט ווײַטער אין זײַן „הײַנט“־איבונג. ער שרײַבט:

„נו, איז טאַקע אָפּט זייער אין זייער אומעטיק ציצוקיקן, ווי ב ר ו ד י ק א ו ן א ו מ ר ײַ ן (אונטערגעשטראָכן דורך אונדז. ב. א.) ס'איז בײַ אונדז געוואָרן אַרום איניקע ערטער אין גרופּן אין איצטיקער ייִדישער ליטעראַטור“.

מיר האָבן צו יענער צײַט געהאַט אַפיציעלע דרײַ ליטעראַרישע גרופּירונגען: די ייִדישע אָפּטיילונג פון „וואַפּפּ“, די גרופּע „נײַ־ערד“ אין די אוקראַאינישע גרופּע. אויב מע זאָל רעדן וועגן „איניקע ערטער“ — אין דאָ קאָן דאָך נײַן אַ רייד וועגן ל י ט ע ר אַ ר י ש ע ערטער — זײַנען דאָס: אונדזער פּרעסע אין מאָסקווע, דער „עמעס“, „יונגוואַלד“ אין „פּיאָנער“, די ליטעראַרישע זאַמלביכער „אָקטיאַבר“ אין „נײַ־ערד“; אין כאַרקאָוו — „דער שטערן“ און „די רויטע וועלט“; אין מינסק — דער „אָקטיאַבר“ אין דער זשורנאַל „שטערן“. איז אין וועלכע גרופּן, ל ע ג אַ ל ע סאָוועטישע ליטעראַטור־גרופּן איז דאָס בײַ אונדז ברודיק און אומרײַן? אין וועלכע צײַטונגען אין זשורנאַלן, קאָמוניסטישע אין סאָוועטישע איז דאָס בײַ אונדז ברודיק און אומרײַן? ווי אַזוי קאָן זיך דאָס דערלויבן אַ רעצענזענט פון אַ קאָמוניסטישן אָרגאַן צו וואַרפן אַזאַ ווילדע באַשולדיקונג אויף גאַנצע ליטעראַרישע גרופּן און ליטעראַרישע „ערטער“, אַז דאָרט איז ברודיק און אומרײַן?

מיר האָבן געהאַט, מיר האָבן און מיר וועלן נאָך מסתמא אַ צײַט האָבן שטרײַטונגען אַרום דער פראַגע פון אידעאָלאָגיע און פאָרם אין דער ליטעראַטור, אָבער ווער קען דאָס האָבן די העזע צו זאָגן, אַז דיזאָזיקע אידעייִשע שטרײַט־פראַגן האָבן אײַלבן עס איז ברודיק אין אומרײַנעס אונטערשלאַק?

דעראָזיקער ה. איסאַקאָוויטש באַרויקט זיך ניט אויף זײַנע איידעלע אויסדריקן „ברודיק אין אומרײַן“, ער פירט ווײַטער זײַן „ליניע“. ער זאָגט: „אָט וואָס איז וויכטיק: צווישן דער טאַלאַנטיקער אַ ל ג ע מ ײַ נ ע ר ג ע פּ ע ל ש ט ק ײַ ט מ י ט א י ד ע אָ ל אָ ג י ע א ו ן מ י ט וואָ ר ט (אונטערגעשטראָכן דורך אונדז. ב. א.), וואָס הערשט בײַ אונדז די לעצטע צײַט, שטייט פינינבערגס דערציילונג דערהויבן, ווי אַ פעלדז, און שטײַף, ווי אַ פעלדז“. דעראָזיקער איסאַקאָוויטש שרײַבט

װײַטער, אַז „ער (פֿינקבערג ב. א.) באַנפֿעט קײנעם ניט", און דאָס האָט שױן אָט דעראָזיקער איסאַקאָװיטש אַלײן אױסגעשטראָכן.

װי איז דאָס געהערט געװאָרן, אַז בײַ אונדז, אין ראַטנפֿאַרבאַנד, זאָל מען אין אַ קאָמוניסטישן אָרגאַן אױפֿװאַרפֿן דער גאַנצער ליטעראַטור (אַלגעמײנער געפֿעלישקײט), אַז זי פֿעלישט מיט דער אידעאָלאָגיע און מיטן װאָרט, אַז זי באַנפֿעגן װעמען! װער געדענקט ניט די שװינדלערלעכע הונגער־טעג און הונגער־באַראָשים, װאָס די ייִדישע ליטעראַטן האָבן איבערגעלעבט בײַ אונדז אין ראַטנפֿאַרבאַנד און זײַנען ניט אַנטלאָפֿן אין „קאַבאַלעגין"? װער קען אײן מינוט צװײפֿלען אין דער ערלעכקײט פֿון די ייִדישע ליטעראַטן אין ראַטנפֿאַרבאַנד? מיר װײסן גאַנץ גוט, אַז אײניקע ליטעראַטן האָבן נאָך ניט אינגאַנצן טײַפֿעם נעמען אונדזער אידעאָלאָגיע, אַז אײניקע, עפּעס, װעלנדיק אױפֿריכטיק אױפֿנעמען אונדזער אידעאָלאָגיע, כאַפּן איבער די מאָס (האַגאַם, אונדז, לעמאָשל, איז אַזאַ ליטעראַט ניט באַקאַנט). אָבער װעמען איז געגעבן געװאָרן דאָס רעכט עפֿנטלעך, אין אַזאַ פֿאַראַנטװאָרטלעכן אָרגאַן, װאַרפֿן אין פּנים אַרײַן די ייִדישע ליטעראַטן, אַז זײ פֿעלשן מיט דער אידעאָלאָגיע און מיטן װאָרט, אַז זײ באַנפֿעגן װעמען עס איז?

אין דעמזעלבן נומער 3 פֿון „דער רױטער װעלט" באַגעגענען מיר זיך מיט נאָך אַ רעצענזיע. זי איז אױך אױסערסט כאַראַקטעריסטיש, זי דערװײַזט אױך, אַף װיפֿל די אָפּטײלונג „ביבליאָגראַפֿיע" װערט, אַפּאָנים, דורך קײנעם ניט רעדאַקטירט. דאָס איז די רעצענזיע פֿון א. ס—ר. װעגן נ. א. בוכבינדערס „געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַװעגונג אין רוסלאַנד". מיט אַ צײַט פֿריער, אײדער דער זשורנאַל איז אַרױסגעגאַנגען, איז אין „עמעס" געװען געדרוקט אַ גרױסער אַרטיקל װעגן דעמאָזיקן בוך, געשריבן פֿון כ׳ דימאַנשטײן. דער כ׳ דימאַנשטײן האָט אױפֿגעװיזן די גאַנצע שעדלעכקײט פֿון דעמאָזיקן בוך, ער האָט דערװיזן, אַז דאָס בוך שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ פֿולשטענדיקע אַפּאָלאָגעטיק פֿון „בונד". דער אַרטיקל איז דאָך געװען אַן עמעסער ניקראָלאָג איבער בוכבינדערן און זײַן „געשיכטע". נאָך דעם אַלעמען קומט צו גײן דער רעצענזענט פֿון „די רױטע װעלט" און שרײַבט װעגן דעמאָזיקן בוך בוכשטעבלעך פֿאָלגנדעס: „אין פֿאַרגלײַך מיט ראַפּעסעס „געשיכטע פֿון בונד" צײכנט זיך דער כ׳ בוכבינדער אױס מיט אַ געװיסן היסטאָרישן אָביעקטיװיזם" (אױסגעשטראָכן דורך דעם רעצענזענט).

מיר זײַנען אױך ניט אין אַלין מאַסקים מיטן כ׳ ראַפּעסעס „געשיכטע פֿון בונד". װעמען פֿון אונדז װאָלט אָבער אַרױפֿקומען אױפֿן זינען צו שטעלן אױף אײן ברעטל דעם כ׳ ראַפּעסעס בוך מיט בוכבינדערס מאַקלאַטור? װאָרום און װאָס באַשטײט אָט דער „היסטאָרישער אָביעקטיװיזם" פֿון בוכבינדערס „געשיכטע"? ער באַשטײט דערין, װאָס ער האָט גענומען די זשאַנדאַרמסקע באַריכטן און האָט זײ, אַזױ צו זאָגן, איבערגעשריבעט... אײן כיסאָרן האָט געפֿינען דער רעצענזענט פֿון „דער רױטער װעלט" אין בוכבינדערס „געשיכטע", אײנציקן כיסאָרן — דאָס בוך איז אױף רוסיש און ניט אױף ייִדיש. אױסער דעם כיסאָרן, איז דאָס בוך פֿון לױטערן היסטאָרישן אָביעקטיװיזם...

מיר װײסן אױסגעצײכנט, װי שװער עס איז אונדזערע רעדאַקטאָרן, דורכצוקוקן יעדן שטיקל מאַטעריאַל, װאָס עס גײט אַרײַן אין זשורנאַל. מיר װײסן די צענדליקער פּאַרטײַשע און סאָװעטישע הױפּבאַװעגן, װאָס עס ליגט אױף יעדן פֿון אונדזערע פּאַרטײַ־באַװזים. מיר װײסן, דעריבער, אַז אַזאַ פֿעלער קאָן געשען... דער אױטאָר פֿון די שורעס האָט דעריבער געפֿונען פֿאַר נױטיק אין אַ פּריװאַטן כאַװערישן בריװ צו אײנעם פֿון די פֿאַראַנטװאָרטלעכע רעדאַקטאָרן אָנצװײַזן אױף די איבערגעבראַכטע רעצענזיעס און אַנגשױ־אורבע אָנגעמערקט, אַז עס איז נױטיק אין די קומענדיקע נומערן װי עס איז עפֿנטלעך פֿאַרריכטן דעם ליאַפּסוס.

מיר האָבן שפּעטער באַקומען עטלעכע נומערן „די רױטע װעלט" און מיצאַד דער רעדאַקציע איז גאָרניט געטאָן געװאָרן אין דער הינזיכט. דערפֿאַר אָבער האָבן מיר באַקומען דעם נײַנטן נומער „די רױטע װעלט" מיט אַ רעצענזיע װעגן זשורנאַל „שטערן", װאָס (די רעצענזיע) איז ניט װײניקער אומפֿאַראַנטװאָרטלעך, װי די איבערגעבראַכטע רעצענזיעס.

הײַנטיקס מאָל הײסט דער רעצענזענט מיט איניציאַלן „ק. י.". ער שטעלט דעם „שטערן" אַ גאַנצע רײ טאַנעס. נאָר פֿאַר די טאַנעס ברענגט ער אין אַ פּאָר שורעס די צילן, װעלכע עס האָט זיך געשטעלט דער זשורנאַל „שטערן". מיר װעלן זײ דאָ איבערדרוקן, אָט די דאָזיקע פּאָר שורעס:

„דער „שטערן" האָט לעבאַטכילע גענומען אַ ליניע אױף צו באַדינען דעם אַנטװיקלטן מאַסן־לײענער, דעם אַרבקאָר, דעם אַקטיװיסט, דעם פּאַרטײַמאַן און פּראָפֿעסיאָנעלן טוער" (אױסגעשטראָכן דורך אונדז. ב. א.).

און אַרױסגײענדיק פֿון אָט דעמאָזיקן װײַטער װיכטיקן ציל, װאָס װערט נאַטירלעך באַװיליקט דורך דעם רעצענזענט, װאַרפֿט ער זיך אַרױף אױפֿן „שטערן" מיט אַ גאַנצע רײ טאַנעס. און װאָס באַשטײען אָט די דאָזיקע טאַנעס?

אין ערשטן נומער „שטערן" (פֿון צװײטן יאָרגאַנג) זײַנען בײַ אונדז געװען געדרוקט אַרטיקלען װעגן טעאַטער, װעגן פֿראַגן פֿון קונסט און ליטעראַטור, אַרטיקלען, װאָס זײַנען פֿאַרבונדן מיט די דעקאַבריסטן. האָט דער רעצענזענט צװײ מינים טאַנעס: ערשטנס, זײַנען זײ ניט גוט אָנגעשריבן געװאָרן, און, צװײטנס, דאַרף זײ קײנער ניט האָבן. אױף דער ערשטער טאַנע לױנט ניט צו ענטפֿערן. ערשטנס דערפֿאַר, װײַל דאָס איז אַ געשמאַק־זאַך און, צװײטנס, אַז אַן אַרטיקל איז מיט עפּעס װאָס ניט גוט, דאַרף מען דאָס דערװײַזן, ניט אָפּאַטערן זיך גלאַט אין דער װעלט אַרײַן מיט װערטער. נאָר ניט דאָס איז װיכטיק, פֿיל װיכטיקער איז די צװײטע טאַנע, אַז, אײגנטלעך, דאַרף זײ קײנער ניט האָבן. פֿאַר װאָס, אײגנטלעך, דאַרף מען זײ ניט האָבן?

עס גײט אַ הונדערטיאָריקער יובילײ פֿון דעקאַבריסטן־אױפֿשטאַנד. עס איז ניט געװען קײן אײן ערנסטע צײַטונג אין פֿאַרבאַנד, קײן אײן מער אָדער װײניקער פֿאַראַנטװאָרטלעכער זשורנאַל, װי עס זאָלן ניט אַרײַן קײן אַרטיקלען (אין ראַמקע צו עטלעכע) װעגן דעראָזיקער קאָלאָסאַלער היסטאָרישער געשעעניש. האָט דער „שטערן" געטאָן אַ גװאַלדאָװנעם פֿאַרברעכן — ער האָט דעם לעזער, דעם אַנטװיקלטן פּאַרטײַמאַן, דעם אַקטיװיסט, דעם ייִדישן לערער (מיר האָבן זײ אין װײַסרוסלאַנד נאָענט צו 800 מאַן) געגעבן צװײ אַרטיקלען: װעגן דער עצעם געשיכטע פֿון די דעקאַבריסטן און װעגן זײער פּאָעזיע. איז פֿאַר װאָס זשע זײַנען אַזעלכע אַרטיקלען ניט אַקטועל (װי עס דריקט זיך אױס דער רעצענזענט)? פֿאַרװאָס זאָל דער דעקאַבריסטן־אױפֿשטאַנד און די גאַנצע עפּאָכע פֿון דער בירגערלעכער פּאָעזיע ניט אינטערעסירן „אונדזער אַקטױו מאַסן־לײענער, פּאַרטײַישע, פּראָפֿעסיאָנעלע און אַרבקאָרישע טוער"? פֿאַרװאָס זאָלן זײ זיך ניט אינטערעסירן און טאַקע ניט װיסן, װאָס עס זאָגט און װי עס האַלט װעגן דער בירגערלעכער פּאָעזיע אַזעלכע גרױסע דענקער, װי פּלעכאַנאָװ, טשערנישעװסקי, פּיסאַרעװ, בעלינסקי, טאָלסטאָי, לונאַטשאַרסקי, באַזונדערס װען ער האָט פֿאַר קײן פֿאַל ניט די מעגלעכקײט צו באַקענען זיך מיט די אױטאָרן גופֿא?

און פֿאַרװאָס זײַנען ניט אַקטועל פֿראַגן פֿון טעאַטער, פֿון ליטעראַטור, פֿון קינאָ, און אַלגעמײן פֿון קונסט, װען די גאַנצע פּאַרטײַ פֿאַרנעמט זיך שטאַרק מיט דידאָזיקע אַלע פֿראַגן, װען מיט דרײַ־פֿיר כאָדאָשים פֿריער (אײדער עס איז אַרױס דער רעצענזירטער נומער („שטערן"), האָט דער צ. ק. פֿון דער פּאַרטײַ אַרױסגעטראָגן אַ ספּעציעלע רעזאָלוציע װעגן ליטעראַטור; װען די פֿראַגע פֿון קינאָ איז די ערשטע זאַך אַקטועל פֿאַרן קלוב־אַרבעטער און קלוב־באַזוכער; װען די פֿראַגע פֿון טעאַטער איז נאָך בײַ אונדז, און ניט נאָר בײַ אונדז ניט געלײזט געװאָרן? פֿאַרװאָס זאָל אונדזער אַקטיװיסט ניט פֿאַראינטערעסירן זיך אין דידאָזיקע פֿראַגן? דער אײנציקער אָרט װען דער רעצענזענט איז קלױטעריש געװען, איז דער, װי ער זאָגט, אַז מיר האָבן צופֿיל אַבט אָפּגעגעבן די פֿראַגן פֿון קונסט. איז װען די רעצענזענטן פֿון דער

„רויטער וועלט" וואָלטן געקאָנט דעם לייענער, ווען זיי וואָלטן געוווּסט, ווי דער לייענער, אָט דער אַקטיוויסט, פֿאַר וועמען מיר האָבן געבויט דעם „שטערן", אינטערעסירט זיך מיט פֿראַגן פֿון קונסט, וואָלט ער דאָס עפּשער ניט געזאָגט.

אין נומער 3—2 פֿון „שטערן" האָבן מיר געדרוקט 2 אַרטיקלען וועגן 14־טן פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר און וועגן פּלענום פֿון קאָמינטערן. דאָס באַוויליקט דער רעצענזענט. די איבעריקע 8 אַרטיקלען באַוויליקט ער ניט. מע האָט ניט געדאַרפֿט האָבן צוויי פֿרידלאַנדס אַרטיקל: „אוטאָפּי־שער און וויסנשאַפֿטלעכער סאָציאַליזם", טשעמקיס וועגן אײַנשטיינס טעאָריע, לונאַטשאַרסקיס „וועגן די פּראָלעטאַרישע און מיטלוויפּערישע שרײַבער אין מאַירעוו־אײראָפּע", ווײַנגערס אַרטיקל וועגן דער פֿראַגע פֿון אָרטאָגראַפֿיע, טאָמסינסקיס אַרטיקלען וועגן פּויערים־אויפֿשטאַנד. און ווידער אַמאָל פֿראַגן פֿון טעאַטער און קונסט, וואָס קענען זיי קרינגט אַזוי דער רעצענזענט פֿון דער „רויטער וועלט".

לאָמיר באַטראַכטן אַף וויפֿל פֿאַראַנטוואָרטלעך עס זײַנען אַזעל־כע באַהויפּטונגען?

די פֿראַגע פֿון זעלבסטבילדונג איז די אַקטועלסטע אין אונדזער פּאַרטיי. האָבן מיר אָנגעהויבן צו דרוקן אַ ציקל לעקציעס וועגן דער געשיכטע פֿון סאָציאַליזם, רעזעלבע לעקציעס, וואָס זײַנען געלייענט געוואָרן אין סווערדלאָווער אוניווערסיטעט דורך דעם כ׳ צווי פֿרידלאַנד. האָבן מיר אָנגעהויבן צו דרוקן אַ ציקל לעקציעס וועגן פּויערים־פֿראַגן, ווײַל ווי מיר רעכענען, איז אומבאַדינגט נייטיק צו באַקאַנען דעם ייִדישן אַרבעטער מיט דער געשיכטע פֿון דער פּויערים־באַוועגונג.

אַז עס גייט אַ פֿראַגע וועגן אָרטאָגראַפֿיע, וועלכע עס פֿאַרנעמט אַף די שפּאַלטן פֿון אונדזער טאָגלעכער פּרעסע ניט פֿון די קלענסטע ער־טער, און וועלכע ווערט אויך אין „דער רויטער וועלט" באַהאַנדלט, אַ פֿראַגע, וואָס אינטערעסירט דעם לערער, דעם שילער פֿון פּעדטעכניקום, דעם צוהערער פֿון די ייִדישע אוניווערסיטעטן. פֿאַר־וואָס זשע מיינט דער רעצענזענט פֿון „דער רויטער וועלט", אַז „אַבי אַ האַלבצענדליק מענטשן, וועלכע אינטערעסירן זיך מיט פֿילאָלאָגיע, וועלן אים ניט לייענען?"

מע דאַרף האָבן אַ פֿאַרשטאָפּטן כויש, קעדיי צו זאָגן, אַז פֿראַגן פֿון פּראָלעטאַרישער און מיטלוויפּערישער ליטעראַטור אין מאַירעוו־אײַ־ראָפּע אינטערעסירט קיינעם ניט. אַלע ערנסטע זשורנאַלן האָבן דאָך זייערע שטענדיקע קונסט־קאָרעספּאָנדענטן אין דער גאַנצער וועלט און אָט די דאָזיקע אָפּטיילונג איז די לעבעדיקסטע אין יעדן זשורנאַל.

און איצט וועגן דער בעלעטריסטיק. דער רעצענזענט האָט צו אונדזער טאַיִנעס, אַז... נאָר זאָל ער בעסער אַליין רעדן, ווײַל דער סטיל פֿון דעם מענטשן, ווי באַוווּסט, זאָגט אײדעס אַף זײַן כאַראַקטער:

„וואָס אַנבאַלאַנגט דער בעלעטריסטיק, דוכט זיך, אַז דער גרעסטער כידעש איז דאָס, וואָס אין זשורנאַל זײַנען ווייניק פֿאַר־געשטעלט געוואָרן די שרײַבער אויסער ווײַסרוסלאַנד. מע מוז דאָך מודע זײַן, אַז ווײַסרוסלאַנד קען נאָך ניט פֿאַרנעמען דעם אָרט פֿון אוקראַינע און מאָסקווע (ווי איר זעט איז דאָ געשטעלט געוואָרן אַפֿן ע ר ש ט ן אָרט אוקראַינע. ב. א.) און, דעריבער, ווען מע וויל האָבן אָן ערנסטע בעלעטריסטיק, שאַדט ניט אָפּצוטרעטן פֿון לאָקאַלן פּאַטריאָטיזם און געבן מאַטעריאַל פֿון „אויסלענדער".

„אַבי פּעפּערן און גילדינען האָט איר דאָ אַליין פֿון קאָשערן ווײַסרוסישן מאָקער".

„ווײַסרוסלאַנד פֿאַרמאָגט אַ כשורע גאַנץ פֿעיִקע יונגע ראַטן־דיכטער, אָבער אַליין דאַרף דאָך זײַן מיט אַ מאָס, ווײַל זיי זײַנען דאָך נאָך צו יונג און צופֿיל זײַנען זיי נאָך מ י נ ס ק ע ר".

וואָס איז דאָ מער אין דיזאָקע שורעס, צי אומבאַגרענעצטע ביצפּע, צי טעמפּע באַגרענעצטקייט — דאָס זאָל אורטיילן אַליין דער לעזער, נאָר מיר וואָלטן וועלן פֿונדעסטוועגן שטעלן עטלעכע פֿראַגן:

מיט וואָס איז, אײגנטלעך, דער אוקראַינישער מאָקער קאָשערער, ווי דער מינסקער? און ווער, אײגנטלעך, דאַרף דאָס אורטיילן וועגן דערדאָזיקער קאַשרעס? פֿאַרוואָס איז עפּעס זײַן צופֿיל מינסקער ערגער ווי צו זײַן צופֿיל אוקראַינער? פֿאַר וואָס איז דעם „ק. י." דערלויבט צו זײַן צופֿיל פּאַטריאָטיש און מינסק איז דאָס ניט דערלויבט? פֿונדעסטוועגן נעמט זיך אָט די דאָזיקע פּוסטע נאַיווע בײַ דעם רעצענזענט, וואָס ער מיינט, אַז אוקראַינע איז דאָס, ווי מע וואָלט געזאָגט אין רוסיש, „די זאַלץ פֿון דער ערד"?

אפֿשר, אַז מיט דערדאָזיקער פּוסטער נאַיווע קרענקען היפּשע פֿון די יונגע אוקראַינישע ליטעראַטן. זיי רעכענען, אפֿשר, אַז אין קאָשערן מינסק מעג מען שיקן אַזעלכע זאַכן, וואָס אין אוקראַינע וואַרפֿט מען אין קאָרב... האָבן מיר געהאַט נאָר היפּשע זאַכן פֿון אוקראַינע און מיר האָבן צום גרויס באַדויערן זיי ניט געקאָנט דרוקן. האָבן אונדז פּעפּער, שאַפּירא, גילדין צוגעשיקט זאַכן, וואָס מע האָט געקאָנט דרוקן, האָבן מיר מיט פֿאַרגעניגן געדרוקט און מיר וועלן זיי מיט פֿאַרגעניגן אויך ווײַטער דרוקן. פֿונדעסטוועגן האָט גענומען דער רעצענזענט צו זאָגן, אַז מיר קרענקען אַף „לאָקאַלן פּאַטריאָטיזם"?

יאָ, מיר האָבן אָפּגעגעבן אַ גאָר גרויסן אָרט אונדזער יונגער גרופּע פּאָעטן „יונגער אַרבעטער". פֿאַרשטייט זיך, נאָר די, וועלכע קרענקען אַף אוקראַינישן פּאַטריאָטיזם און אַף אַ פּוסטער נאַיווע — נאָר די קאָנען ניט באַמערקן, אַז אויב אפֿילו מיר האָבן די מינסקער געגעבן צופֿיל אָרט (בײַ אונדז איז די פֿראַגע פֿון מינסק און ניט געשטאַנען!), איז דאָך אָבער גראָד אין זשורנאַל „שטערן" די יונגע גרופּע אונדזערע גוואַלדיק אויסגעוואַקסן.

מיר ווילן פֿאַר קיין פֿאַל ניט לייקענען, אַז אונדזער זשורנאַל האָט בעסרוינעס. מיר זײַנען זאָגאַר מאַסקים מיטן רעצענזענט אין אייניקע זײַנע פּונקטן, ווען ער רעדט וועגן דעם, וואָס אונדזער זשורנאַל פֿעלט. מיר האָבן נאָך פֿיל פֿריער פֿאַרן רעצענזענט אַרײַנגעטראָגן אָט דיזאָ־קע פּונקטן אין דער רעזאָלוציע, וואָס דער צ.ב. פֿון ק.פּ.ו. האָט אָנגע־נומען וועגן זשורנאַל „שטערן" (ווער ווייסט, עפּשער האָט דער רע־צענזענט אַף אַ ווײַלינקע געבאָרגט פֿון אונדזער רעזאָלוציע, זי איז דאָך געווען פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער פּרעסע?), פֿאַרוואָס האָט אָבער דער רעצענזענט ניט געשטעלט פֿאַר זיך די פֿראַגע, ווי האָט געלעבט און גע־אַרבעט דער זשורנאַל? צי איז דאָס דער בייזער ווילן פֿון דער רעדאַקציע, אָדער אַ גאַנצע ריי סיבעס אוּמאָפּהענגיקע פֿון דער רע־דאַקציע שטערן דעם זשורנאַל אויסמעקן זײַנע בעסרוינעס? מיר זײַנען זיכער, אַז דאָס, וואָס די ערשטע צײַטן איז „די רויטע וועלט" געוועזן אַ שלעכטער זשורנאַל אין די בעסרוינעס, וואָס ער האָט נאָך איצט — אַז דאָס אַליין איז ניט פֿון בייזן ווילן פֿון די רעדאַקטאָרן, נאָר דאָ זײַנען פֿאַראַן זייער פֿיל וויכטיקע סיבעס, וואָס שטערן די רעדאַק־ציעס פֿון ביידע זשורנאַלן ווערן הונדערטפּראָצענטיק־גוטע.

און ווען אַזאַ ביצפּעדיקע רעצענזיע, וועלכע איז קוים דורכויס אַ פֿאַלשע און מיט גאָרניט באַגרינדעטע, וואָלט געווען געדרוקט אין דער פּרעסע, וואָס איז אונדז פֿײַנטלעך, וואָלטן מיר פֿאַרבײַגעגאַנגען דערדאָזיקער רעצענזיע, ווי מיר גייען ווי בּיכלאַל פֿאַרבײַ. אָבער די־דאָ־זיקע רעצענזיע איז דאָך געדרוקט אין אַ קאָמוניסטישן זשורנאַל. די רעדאַקטאָרן פֿון דעם זשורנאַל זײַנען אַזעלכע פֿאַראַנטוואָרטלעכע קאָ־מוניסטן, ווי די כ״ב לעווינאַן, פֿעלדמאַן, קאַזאַקעוויטש און שפּראַך. שוין קען געמאָלט זײַן, אַז דיזאָקע כ״ב האָבן געזען, געלייענט אָט די־דאָזיקע אַלע אויבנגעבראַכטע רעצענזיעס און האָבן זיי דורכגעלאָזן?..

# כראָניק.

## קולטור.

צום 10-טן יאָרטאָג פון דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע וועט דער ראַט פֿאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן באַם פֿאָלקאָמבילד אַרויסלאָזן אַ זאַמלבוך „10 יאָר פון דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע און אונדזערע דערגרייכונגען” אַף די שפּראַכן: אוקראַיניש, ווייסרוסיש, עסטאָניש, דייטש, יידיש, פוילִיש, לעטיש, טאַטעריש, באַשקיריש, וואָטיש, מאַרי און קאָמי. אויסערדעם וועט אַרויסגעלאָזט ווערן אַן איינטאָגיקע צייטונג אַף די שפּראַכן: בוריאַט-מאָנגאָליש, כינעזיש, קאָרעיִש, קאַלמיקיש, קירגיזיש, אַיראָטיש, יאַקוטיש, טורקמעניש, באַקאַסיש און אַף די שפּראַכן פֿון די נאַציאָנאַליטעטן פון צאָפן-קאַווקאַז. אין דיזעלבע שפּראַכן וועלן אָפּגעדרוקט ווערן רעוואָלוציאָנערע לידער און דערציילונגען. פֿאַר די סאַמע אָפּגעשטאַנענע פֿעלקער (בוריאַט-מאָנגאָלן, קאָרייער, קאַלמיקן, ציגיינער, צאָפּן-פֿעלקער, סאַמאָיעדן, לאָפּאַרן און אנד.) וועלן אָפּגעדרוקט ווערן קינסטלערישע פּלאַקאָטן אַף דער טעמע: „10 יאָר פון דער אָקטיאַבר-רעוואָלוציע”. אַף א ריי שפּראַכן וועט אַרויסגעלאָזט ווערן אַ זאַמלונג „פֿאַר די קינדער פֿון די נאַצמינדערהייטן וועגן אָקטיאַבר”.

— באַ דעם צענטראַלן פעלקער-מוזיי אין מאָסקווע, האָט זיך לויט דער איניציאַטיוו פֿון זיין דירעקטאָר, פּראָפֿעסאָר סאָקאָלאָוו, געגרינדעט אַ קרייז, וועלכער שטעלט זיך די אויפֿגאַבן צו העלפֿן דעם מוזיי שאַפֿן אַ יידישע אָפּטיילונג, זאַמלען פאַר איר מאַטעריאַל, אויסאַרבעטן פּראָגראַמען פֿאַר פֿאָרשונגען און זאַמלונגען אַף די ערטער, א. א. וו.

— לויט די אויסרעכענונגען פון פאָלקאָמבילד, זיינען הײַאָר אויפגענומען געוואָרן אין די הויך-שולן 6.148 סטודענטן, קעגן 6.016 אין פֿאַריקן יאָר. 28 פּראָצענט פון די אויפגענומענע זיינען אַרבעטער, 25,2 פּראָצענט—פּויערים, 43.1 פּראָצענט—אָנגעשטעלטע און אַרבעט-אינטעליגענץ און 3,7 פּראָצענט—קוסטאַרן. אַזוי אַרום איז צווישן די אויפגענומענע סטודענטן ניטאָ קיין ניט אַרבעטנדיקער עלעמענט.

— אַ ריי לענינגראַדער וויסנשאַפֿטלעכע אַנשטאַלטן, און אויך געלערטע-אַקאַדעמיקער: אָלדענבורג, מאַר, פּראָפּ. טאַרלע און אַנדערע האָבן באַקומען אַן איינלאַדונג פֿון אַ גרופּע פראַנצויזישע געלערטע צו באַטייליקן זיך אין דער אַרבעט פֿון צונויפֿשטעלן אַ פולשטענדיקע ביאָגראַפֿיע פֿון די געלערטע פֿון דער גאַנצער וועלט. די לענינגראַדער געלערטע האָבן געענטפערט, אַז זיי זיינען מסכים צו באַטייליקן זיך אין דעראָזיקער אַרבעט.

— דער בילדונג-קאָמיסאַריאַט פון ווייסרוסלאַנד האָט פֿאַרגעלייגט דער האַרקער אַקאַדעמיע באַשטעטיקן דעם פּראָפּ. י. סאָסיס אַלס לעקטאָר אין אַקאַדעמיע פֿון „געשיכטע פֿון יידן אין 19-טן יאָרהונדערט”, דעם געלערנטן אגראָנאָם קאַז—אַלס לעקטאָר פֿון „געשיכטע פון יידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן-פֿאַרבאַנד”.

— כ׳ שאַצקיס פּראָיעקט פון יידישער סטענאָגראַפֿיע איז באַהאַנדלט געוואָרן דורך דער מאָסקווער וויסנשאַפֿטלעכער סטענאָגראַפישער געזעלשאַפֿט צוזאַמען מיט פֿאָרשטייער פון דער צענטראַלער יידישער ביוראָ באַם פאָלקאָמבילד און איז אנערקענט געוואָרן פֿאַר אַ טעאָרעטיש ריכטיקע און פּראַקטיש צוועקמעסיקע.

— די פּאַריזער וויסנשאַפטלעכע אַקאַדעמיע האָט באַשטימט אַרויסצוגעבן די פּרעמיע אָפּן נאָמען פון באַרטען פֿאַר אויסגעצייכנטע ווערק אָפּן געביט פֿון מאַטעמאַטיק דעם פּראָפֿעסאָר פון כאַרקאָווער אוניווערסיטעט סערגיי בערנשטיין.

דער יידאָפּטייל פון ווייסרוסישן מוזיי האָט באַקומען דעם ערשטן געדרוקטן סייפער אין דער 1-סער שקלאָווער דרוקעריי, אן אלבאָם גראַווירן „שטעטל” פֿון קינסטלער י. ריבאַק און אַסאַך אנדערע כּפֿייצים.

— דער פּראָפֿעסאָר פֿון לענינגראַדער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט ראָזינג ראָט דערפונדן א נייעם אַפּאַראַט „עפּטאָפאָן”, וואָס גיט די מעגלעכקייט בלינדע צו לייענען א געוויינטלעכן בוך. דער בוך ווערט אַוועקגעלייגט אַף דעם אַפּאַראַט, וועלכער באַוועגט אים אַזוי, אַז דער קלאַפּ פון יעדן אָס ווערט אַריינגעפֿירט אין אַ טעלעפֿאָן-איינריכטונג, וואָס געפֿינט זיך אינעם אַפּאַראַט. די פֿאַרשיידענע קלאַנגען אַנטשפּרעכן די אויסיעס און אַזוי אַרום קאָן דער בלינדער לייענען דעם אינהאַלט פון בוך.

— צום אַלפֿאַרבאַנדישן צוזאַמענפֿאָר פון „געזערד” האָט די צ. יידישע מעלוכישע ביבליאָטעק צונויפֿגעשטעלט ווערטפֿולע קאַטאַלאָגן (רעשימע) פֿון דער גאַנצער ליטעראַטור (ביכער, אַרטיקלען און זשורנאַלן און צייטונגען) וועגן יידישער ערד-איינאָרדענונג, קאָלאָניזאַציע, איבערוואַנדערונג אין צאַרישן רוסלאַנד פֿאַר העכער 100 יאָר און פֿאַר די לעצטע יאָרן. די קאַטאַלאָגן זיינען צוטיילט אַף אַ ריי אָפּטיילונגען: געשיכטע פון די יידישע קאָלאָניעס, זייער רעכטלעכע לאַגע יידישע ווייַנגערטנער א. א. וו. אַ קאָפּיע פון די קאַטאַלאָגן האָט באַשטעלט דער צ. ק. נאַצמינד באַם ווו. צ.ק.

— די אַלאוקראַאינישע קינאָ-פֿאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן צו געבן סיסטעמאַטיש אַ קינאָ-כראָניק פון דער אַרבעט אין די פֿאַבריקן און פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט עכער אַרבעט.

— די אוקראַאינער צענטראַלע יידישע בילדונג-ביוראָ באַם פֿאָלקאָמבילד איז צוגעטראָטן צום אַרויסגעבן אַ מעטאָדישן הילף-בוך פֿאַר פּאָליט-אויפֿקלער-אַרבעט אין שטאָט און אין דאָרף.

— אין פֿאַרלאַג „קולטור-ליגע” איז אַרויס פון דרוק אַן אויסגאַבע פֿון דער צענטראַלער יידישער בילדונג-ביוראָ באַם פֿאָלקאָמבילד „צו הילף דעם יידישן לערער”.

— דער כ׳ גאָלדבערג איז צוגעטראָטן איבערזעצן אַף יידיש די געאָגראַפֿיע פון ווייסרוסלאַנד—סמאָליטש. די געאָגראַפֿיע וועט צוגעפאַסט ווערן צו דער יידישער שול. עס וועט אויך צוגעגעבן ווערן אַ ספּעציעלער עטנאָגראַפֿישער קאַפּיטל וועגן דער יידישער באַפעלקערונג אין ווייסרוסלאַנד. דאָס בוך וועט אַרויסגיין פֿון דרוק צום אנהויב 27-1928-טן לערניאָר, אין יול כוידעש.

— אין יאַנואַר כוידעש ווערט אָפּגעגעבן אין דרוק דער לערנבוך פֿון געזעלשאַפֿט-קענטעניש פֿאַר די יידישע זיבניאָריקע שולן, וואָס איז צונויפֿגעשטעלט געוואָרן דורך א גרופּע יידישע לערער פֿאַר געזעלשאַפֿט-קענטעניש. דאָס לערנבוך וועט אין זיך איינשליסן אויך די יידעלעמענטן און געזעלשאַפֿט-קענטעניש.

— עס איז שוין צוגעגרייט צום דרוק די כרעסטאָמאַטיע פֿאַר די אָוונט-שולן פֿאַר אַרבעטער-יוגנט, צונויפגעשטעלט דורך די כ״כ: טאָקאַר, ראַגינסקי, צאַרט, אונטער דער רעדאַקציע פון כ׳ מאַץ.

— די צענטראַלע יידישע בילדונג-ביוראָ פון ווייסרוסלאַנד פירט אונטערהאַנדלונגען מיטן כ׳ נאָוואָגרודסקי וועגן צונויפשטעלן אַן אַרבעט-בוך פֿון נאַטורוויסנשאַפֿט פֿאַר די 6-7 גרופּן פֿון דער יידישער זיבניאָריקער שול.

— אַף דער זיצונג פֿון פּרעזידיום פֿון הויפּטקאָם. פֿאַר וויסנשאַפֿט („גלאַוונאַוקע”) באַם פאָלקאָמבילד פֿון או. ס. ס. ר. איז דעם 27-טן נאָיאַבר באַשטעטיקט געוואָרן דער באַשטאַנד פון די מיטאַרבעטער פאַר דער יידישער קולטור-קאַטעדרע באַ דער אוקראַאינישער אַקאַדעמיע. אַלס צייטווייליקער פֿאַרוואַלטער מיט דער קאַטעדרע און אַלס אָנפירער מיט דער שפּראַך-סעקציע איז באַשטימט געוואָרן כ׳ נאָכעם שטיף. אַלס אָנפירער מיט דער ליטעראַטור-סעקציע—כ׳ אויסלענדער. אַלס אָנפירער מיט דער סעקציע פֿון יידישער געשיכטע—כ׳ א. סלוצקי. אַלס וויסנשאַפֿטלעכער טוער אין דערזעלבער סעקציע—כ׳ ליבערבערג. אַלס אַספּיראַנטן פאַר דער ליטעראַטור-סעקציע—די כ״כ פֿעפֿער און האָפּשטיין.

— די פּראָפֿ. זשירמונסקי און קאַגאַראָוו פֿון לענינגראַד האָבן אויסגעדריקט זייער הסכּם מיטאַרבעטן אין „צייטשריפֿט” און דאָסגלייכן אין דער שפּראַך-סעקציע פון יידאָפּטייל פון „אינבּייסקולט”.

— אין דער ליטעראַרישער אָפּטיילונג פון 2-טן באַנד „צייטשריפֿט” וועלן געדרוקט ווערן פֿאָלגנדיקע אַרטיקלען: נ. שטיף—וועגן ליגעצקיס „פּוילישן ייִנגל”; א. גורשטיין—סאַכאַקלען פֿון מענדעלעס פֿאָרשונג; י. דאָברושין—שאָלעם-אַליכעמס דראַמאַטורגיע; נ. אויסלענדער - שאָלעם-אַליכעמס „סטעמפּעניו” (די צייט, דאָס ווערק און וואַריאַנטן); י. נוסינאָוו—די קינסטלערישע אַנטוויקלונג פון מענדעלע מויכער ספֿאָרימס „מאַסאָעס בִּיניאָמין האַשלישי”; י. גאָלדבערג—מענדעלעס סטיל; אי. פֿינקעל—וועגן ש. בערנשטיינס א קאָמעדיע אין די 70-ער יאָרן. מ. עריק—„אינווענטאַר פון דער יידישער שפּילמאַן-דיכטונג” (רעפּערטואַר פֿון די יידישע וואַנדערנדיקע פֿאָלקזינגער סאָף מיטאַלטער).

— די צענטראַלע יידישע בילדונג-ביוראָ באַם פֿאָלקאָמבילד פֿון אוקראַינע האָט אויסגעאַרבעט אַן אָריענטיר-פּלאַן פֿון דער יידישער פּאַרלעגערישער אַרבעט אויפֿן קומענדיקן 1926-27 יאָר. לויט דעם דאָזיקן פּלאַן דאַרף האַיאָר אַרויסלאָזן דער קאָאָפּ. פֿאַרלאַג אין קיִעוו „קולטור-ליגע“: לערנביכער — 181 בויגן, בעלעטריסטיק — 152 בויגן, פּעדאַגאָגיק — 29 בויגן, פּאָליטישע ליטעראַטור — 213 בויגן, קאָמיוגישע — 20 בויגן, פּיאָנערישע — 40 בויגן, פּאַרשול-ליטעראַטור — 8 בויגן, פּאָפּולער-וויסנשאַפֿטלעכע — 40 בויגן, אַ יידיש-אוקראַיִנישן ווערטערבוך — פֿון 10 בויגן, 2 פּלאַקאַטן — 10 בויגן און 3 געאָגראַפֿישע מאַפּעס אויף יידיש — 15 בויגן.

— דער פֿאָלקאָמבילד פֿון אוקראַיִנע פֿאַרברייטערט די נעץ פֿון די נאַצמינדערישע קולטור-אַנשטאַלטן. עס האָבן זיך געעפֿנט אין פּראָסקוראָוו 2 נייע יידישע 7-יאָריקע אַרבעט-שולן, 7 לייענהייזער, 3 ליקפּונקטן. באַ דער אינדוסטריעלער טעכנישער שול איז אויפֿגעעפֿנט געוואָרן אַ יידישער אָפּטייל.

— דער יידישער אָפּטייל פֿון „אינווייסקולט“ האָט אָפּגעגעבן אין דרוק די טערמינאָלאָגיע פֿון פֿיזיק, וועלכע וועט דערשיינען די נאָענטסטע וואָכן.

— דער יידישער אָפּטייל פֿון „אינווייסקולט“ האָט אָפּגעגעבן אין דרוק דעם נומער 2 ביולעטען.

— אינעם געוועזענעם אַרכיוו פֿונעם ווייסרוסישן גענעראַל-גובערנאַטאָר פֿון ניקאָלאַי דעם ערשטנס צייטן זיינען געפֿונען געוואָרן מאַטעריאַלן, וואָס דעמאַסקירן דעם באַוווסטן בלוט-בילבל קעגן די יידן פֿונעם שטעטל וועליזש.

— דעם 16-טן נאָיאַבער האָט זיך אין מינסק געעפֿנט די ווייסרוסישע קאָנפֿערענץ פֿון געלערנטע פֿילאָלאָגן. עס איז אויסגעהערט געוואָרן אַ ריי פֿאָרטראָגן וועגן דער רעפֿאָרם פֿון ווייסרוסישן אויסלייג. אויף דער קאָנפֿערענץ זיינען געקומען אויסלענדישע געלערנטע. די קאָנפֿערענץ האָט צונויפֿגערופֿן דער אינסטיטוט פֿאַר ווייסרוסלענדישער קולטור.

— דער פֿאַרלאַג-אָפּטייל פֿון קאָנט-ראַט פֿון די פּראָפֿאַרייִנען לאָזט אַרויס צום ערשטן מאָל אויפֿן ווייטן מיזרעך אַ לערנביך פֿאַר פּאָליט אויף די שפּראַכן קאָרעיִש, כינעזיש און יאַפּאַניש — איבער די פֿראַגן פֿון סאָוועטישער עקאָנאָמיק, געשיכטע פֿון מאַרקסיזם און לעניניזם.

# ליטעראַטור.

— דער מאָסקווער צענטראַלער יידישער אַרבעטער-קלוב „קאָמוניסט“ האָט דעם 4-טן דעקאַבער איינגעאָרדנט אַ גרויסן מאַסנאָוונט „35 יאָר ליטעראַרישע טעטיקייט פֿון אַווראָם רייזען“. עס האָבן זיך באַטייליקט די כ״כ: ליטוואַקאָוו, מוישע קאַץ, ווערייטע, ראַבינאָוויטש (פּראָפֿעסאָר פֿון מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע) א. א.

— דער י. ל. פּערעץ-שרייבער פֿאַריין, וואָס פֿאַרייניקט דעם גרעסטן טייל פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן אין די פֿאַרייניקטע שטאַטן, האָט נאָך די באַריכטן וועגן דעם „געזוערד“-צוזאַמענפֿאָר, וואָס זיינען אַהין אָנגעקומען, אַרויסגעלאָזן צו דער יידישער באַפֿעלקערונג אַ הייסן אויפֿרוף צו שטיצן די ערד-איינאָרדענונג אין ראַטנפֿאַרבאַנד. אונטערן אויפֿרוף זיינען אונטערגעשריבן 122 נעמען פֿון שרייבער און זשורנאַליסטן.

— דער באַקאַנטער שרייבער מענאַכעם (מ. באָרײשאָ), וועלכער האָט מיט אַ קורצער צייט צוריק באַזוכט דעם ראַטנפֿאַרבאַנד, האָט זיך נאָכן צוריקקומען קיין אַמעריקע אָנגעשלאָסן אין דער „ פֿרייהייט“.

— אין מינסק איז נאָך אַ פֿירכאַראַקטעריסטיקער רייזע איבערן סאָוועטנפֿאַרבאַנד אָנגעקומען דער אַמעריקאַנער יידישער שרייבער מוישע נאַדיר.

— די יידסעקציע „וואַפּפּ“ האָט אונטערזוכט און אינסטרוקטירט די ליטעראַרישע קרייזלעך פֿון וויטעבסקער, פּאָלאָצקער, מאָליעווער און באַברויסקער קרייזן.

— אויפֿן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער יידסעקציע „וואַפּפּ“, וואָס וועט פֿאָרקומען סוף דעקאַבער אין מאָסקווע, ווערט דעלעגירט אַ פֿאָרשטייער פֿון יעדן קרייז פֿון ווייסרוסלאַנד.

— דער שרייבער י. קיפּניס האַלט באַם פֿאַרענדיקן אַ בוך „בוניס-בער פֿון וויהאָן“. פֿון יידישן באַלמעלאָכישן לעבן אין קליין שטעטל.

— דער באַוווסטער יידישער דיכטער מאַני לייב איז געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון דער ניו-יאָרקער „פֿרייהייט“.

— טערקיי איראָפּעיִזירט זיך גאַנץ שנעל. נאָך אַלע רעפֿאָרמען און בייטן, טרעט זי איצטער צו אַריינצופֿירן אויך דעם לאַטייניִשן אַלפֿאַבייז. אויף אַזאַ אויפֿן וועט גרינגער זיין פֿאַר אויסלענדער זיך אויסלערנען די טערקישע שפּראַך, וואָס עס וועט אַסאַך ווירקן אויף די האַנדל-באַציִונגען פֿון טערקיי מיט איראָפּע.

# טעאַטער און קינאָ.

— דער ווייסרוסלענדישער מעלוכע-טעאַטער גרייט איצט צוויי נייע פּיעסן: „באַטווין“ פֿון א. וועוויאָרקע און „דער שעפּסן-קוואַל“ פֿון שפּאַנישן שרייבער לאָפּע-דע-וועגאַ. באַטווין איז די ערשטע אַרבעט פֿון יידישן טעאַטער אויף ריין רעוואָלוציאָנערער שטאָף. די פּיעסע שטעלט מ. ראַפּאַלסקי. אַלס קינסטלער איז איינגעלאַדן פֿון מאָסקווע דער יונגער קינסטלער אַלעקסאַנדער טישלער. „דער שעפּסן-קוואַל“ שטעלט ל. ליטווינאָוו, קינסטלער א. אַסטיאַרקין (פֿון „וואַכטאַנגאָוו“) מוזיק פֿון וו. קריוקאָוו. כוץ דעם איז באַשטעלט באַם יידישן קאָמפּאָזיטאָר מ. מילנער (לענינגראַד) מוזיק פֿאַר א. גאָלדפֿאַדנס פּיעסע „שולאַמיס“. די פּיעסע איז ליטעראַריש באַאַרבעט פֿון דיכטער ל. קוויטקאָ, וועט גיין אינגאַנצן אויפֿן פֿאָן פֿון מוזיק.

— דער ווייסרוסלענדישער יידישער מעלוכע טעאַטער האָט איינגעפֿירט אין פּלאַן פֿון זיין אַרבעט אַ ציקל לעקציעס איבער פֿראַגן פֿון טעאַטער און קונסט. די ערשטע לעקציע האָט געלייענט דער רעזשיסאָר פֿון מאָסקווער אַקאַדעמישן קינסטלערישן טעאַטער און מיטגליד פֿון מעלוכישער קונסט-אַקאַדעמיע וו. סאַכנאָווסקי: א. ד. ס. „די וועגן פֿון מאָדערנעם טעאַטער“. אין דער נאָענטסטער צייט וועלן געהאַלטן ווערן לעקציעס פֿון דעם דיכטער און קונסט-קריטיקער סערגיי גאָראָדעצקי: „דער זיג און דורכפֿאַל פֿון מאָדערנעם טעאַטער“. פֿונעם קונסט-קריטיקער, רעזשיסאָר פֿון 3-טער סטודיע א. נ. וואַכטאַנגאָוו סאַמויל מאַרגאָלין: „דריי יידישע טעאַטערן“ — דער טעאַטער פֿון עקסטאַז (האַבימאָ), ראַציאָנאַליסטישער טעאַטער (גאָסעט) און סינטעטישער טעאַטער (ווייסרוסל. ייד. טעאַטער).

— דער ווייסרוסלענדישער יידישער מעלוכע-טעאַטער האָט אויסגעטיילט אַ גרופּע אַרטיסטן, וועלכע וועלן פֿירן אַן אויפֿקלער-אַרבעט וועגן טעאַטער צווישן דער מינסקער יידישער אַרבעטערשאַפֿט.

— דעם 21-טן נאָיאַבער איז אין וויטעבסק פֿאָרגעקומען די דערעפֿענונג פֿון צווייטן מעלוכישן ווייסרוסישן טעאַטער.

— באַם כאַרקאָווער קרייזאויספֿירקאָם אין דער אַלאוקראַיִנישער געזעלשאַפֿט אויף מיטהעלפֿן דער יידישער קולטור (געזקולט) איז געשאַפֿן געוואָרן אַ קאָמיטעט אויף דורכפֿירן די פֿייערונג פֿון 50 יאָריקן יובילײ (1876—1926) פֿון יידישן טעאַטער. דער פֿופֿציק-יאָריקער יובילײ פֿאַלט צונויף מיטן 1-טן יאָרטאָג פֿון יידישן מעלוכע-טעאַטער אויף אוקראַינע.

— אין לענינגראַד האָט זיך אָרגאַניזירט אַ יידישער טעאַטער אונטערן נאָמען „ליאַט“. פֿאַרן טעאַטער איז אָפּגעפֿירט אַ שטענדיקע געביידע. דעם 22 דעקאַבר האָט זיך דער טעאַטער געעפֿנט מיט „אוריעל אַקאָסטאַ“. רעזשיסאָר מ. ט. סטראַיעוו, דעקאָראַציעס פֿון קינסטלער מ. ז. לעווין, מוזיק פֿון מ. מילנער.

— ווייסמעלוכעקינאָ אַרבעט פֿאַנאַנדער אַ פּלאַן אויף צו עפֿענען אין מינסק אַ קינאָ-פֿאַבריק.

— ווייסמעלוכעקינאָ טרעט צו צו אויפֿירן פֿאַרן עקראַן די קינאָ-פֿילם „הירש לעקערט“, לויט דעם סצענאַרי פֿון צ. ראָלנאָפּאָלסקי, און אַ צווייטער פֿילם „קאַסטוס קאַלינאָווסקי“.

— דער יידישער מעלוכע-טעאַטער פֿון אוקראַינע האָט באַקומען פֿונעם ליטעראַט ג. לוריע אַ קינדערשע פּיעסע, וועלכע דער טעאַטער רעכנט איינשליסן אין האַיאָריקן רעפּערטואַר.

— דער יידישער מעלוכע-טעאַטער פֿון אוקראַינע גרייט זיך צום שטעלן די פּיעסע „זאַנמוק“ פֿון אַנאַטאָלי גלעבאָוו. די פּיעסע וועט שטעלן דער רעזשיסאָר עס. לויטער.

— צום צענטן יאָרצייט פֿון מענדעלע מוכער-ספֿאָרים (יאַנוואַר 1927 יאָר) גרייט דער אוקראַיִנישער יידישער מעלוכע-טעאַטער די פּיעסע „באַלעטוויִעס“ לויט מענדעלעס צוויי פּיעסן „די טאַקסע“ און „פּריזיוו“.

רעדאַקטאָר: רעדקאָלעגיע. מינסק, 1-טע מעלוכע-דרוקעריי. גלאַווליטבעל 22785. באַשט. 716. טיראַזש 2000.